# אונזער קאַמף

## זאמלבוך



ארויסגעגעבן דורך דער אויסלאנדס־דעלעגאציע פון
פועלי ציון (צ. ס.) און התאחדות פון פוילן
אין די פאראייניקטע שטאטן

ISBN:0-657-11986-5


צווייטע אויפלאַגע

געדרוקט אין בוענאָס איירעס
1942

# אונזער קאַמף

## זאמלבוך

ארויסגעגעבן דורך דער אויסלאנדס־דעלעגאציע פון
פועלי ציון (צ. ס.) און התאחדות פון פוילן
אין די סאָוויעטישע שטאַטן



צווייטע אויפלאַגע

געדרוקט אין בוענאָס איירעס
1942

## אינהאַלט:

# פֿאָרוואָרט

די 20 יאָר פֿון פּוילנ'ס אומאָפּהענגיקער עקזיסטענץ אין דער תקופה צווישן די צוויי וועלט־מלחמות ליגן שוין אָפּגעשלאָסן הינטער אונז. אָפּגעשלאָסן אין אַ דאָפּלטן זין: ערשטנס, וואָס די פּוילישע מלוכה האָט פֿאַרלױפּיק אױפֿגעהערט צו עקזיסטירן, און צווייטנס, וואָס אין דעם נייעם פּוילן, וואָס וועט אויפֿגעבויט ווערן נאָך דער איצטיקער מלחמה, וועט — ווי מיר אַלע האָפֿן — סיי דאָס אַלגעמיינע און סיי דאָס אידיש לעבן האָבן אַן אַנדער פּנים, ווי עס האָט געהאַט אין די יאָרן 1939—1919. עס איז צוליב דעם זיכער געקומען די צייט צו מאַכן דעם ערשטן פּרואוו פֿון אַ סך־הכל פֿאַר דער פֿאַרגאַנגענהייט און פֿון אַ פּראָגראַם פֿאַר דער צוקונפֿט, אַ סך־הכל פֿון גרויסע ליידן, אָבער אויך פֿון אַ גרויסער גבורה פֿון אַ פֿאָלק, וואָס האָט באַוויזן אויסצוהאַלטן אַנטקעגן דעם אַלץ־שטאַרקערן שטורם פֿון אַנטיסעמיטיזם און פֿון אַ פּראָגראַם פֿון אַ נייער פֿרייער יידישער שאַפֿונג אויף פֿרייער און גערעכטער פּוילישער ערד.

סיי דער סך־הכל און סיי דער פּראָגראַם ווערן געמאַכט אין דאָזיקן בוך דורך פֿאַרשטייער פֿון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג. די דאָזיקע באַוועגונג האָט געהאַט אויסצוטראָגן אויף אירע פּלייצעס אַ גרויסן טייל פֿון יידישן קאַמף אין אומאָפּהענגיקן פּוילן. זי האָט געדאַרפֿט, שטאַרקנדיק די יידישע פּאַרטייַיקונג קעגן די כוואַליעס פֿון אַנטיסעמיטיזם, באַקעמפֿן גלייכצייטיק אויף דער יידישער גאַס —סיי די פֿאַרביסענע שנאת־ציון, וואָס האָט געוואָלט אויפֿשטעלן אַ מויער צווישן די פּוילישע יידן און דער נאַציאָנאַלער, יידישער אויפֿבוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל, סיי די גלייכגילטיקייט לגבי דעם טאָג־טעגלאַכן יידישן לעבן, וואָס האָט געהערשט אין געוויסע ציוניסטישע קרייזן, און סיי די אומפֿאַראַנטוואָרטלאַכע עוואַקואַציע־פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן דורך אַ פֿאַרבלענדעטער גרופּע און דורך געוויסע געלט־יידן.

די ציוניסטיש-סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט דערפֿילט די דאָזי־

קע שליחות מיט גרויס איבערגעגעבנהייט און מיט אַן אַלץ גרעסערער הצלחה. זי וועט אויך דאַרפן נעמען אויף זיך אַ גרויסן, גאָר אַ גרויסן טייל פון דער אויפבוי־אַרבעט, וואָס וועט געטאָן ווערן נאָך דער איצטי־קער מלחמה. שטאַרקן די הערצער און די מוחות אין פוילן אין גייסט פון סאָציאַליזם און פון אמת׳ער דעמאָקראַטיע, אויפבויען די יידישע פּאָזיציעס און פאַרזיכערן זייער קיום, אָפּהיטנדיק גלייכצייטיק דעם קאָנטאַקט מיט דעם יידישן פאָלק אין גאָר דער וועלט און מיט דער יידישער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל — אָט דאָס זיינען אויפ־גאַבן, וואָס שטייען קאָנקרעט פאַר אונז אין זייער גאַנצער היס־טאָרישער גרויס.

דער ראָזיקער בוך, וועלכן די אויסלאַנדס־דעלעגאַציע פון דער פּועלי־ציון (צ.־ס.) און התאחדות אין פוילן גייט איבער צו דער יידישער עפנטלאַכקייט, איז צוליב דעם אַ סך מער, איידער סתם אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען, ווי וויכטיק און ווי געוואונטשן זיי זאָלן ניט זיין. ער איז גלייכצייטיק אַ רוף צו די פוילישע יידן, זיך צו קאָנצענטרירן אַרום דעם פּראָגראַם, וואָס ווערט דאָ פאָרגעשטעלט; ער איז אויך אַ רוף צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט און צום גאַנצן יידישן פאָלק, און אויך צו דער פוילישער דעמאָקראַטיע, צו העלפן אונז צו רעאַליזירן די דאָזיקע אויפגאַבן. מיר האָפן, אַז דאָס פאָלק וועט פאַרשטיין אונז, אונזערע גרויסע אויפגאַבן, ווי אויך די ראָל, וואָס די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אויסצופירן אין יידישן לעבן אין פוילן. אויספירן די דאָ־זיקע ראָל הייסט פאַר אונז — נעמען אויף זיך דעם גרעסטן טייל פון אחריות און אויך פון קרבנות אינם קאַמף פון פוילישן יידנטום פאַר זיין קיום און פאַר זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג אין פוילן, ווי אויך פאַרן אויפבוי פונם יידישן מלוכה־צענטר אין ארץ־ישראל, — אָט דאָס איז געווען און דאָס פאַרבלייבט אויך די אויפגאַבע פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין באַפרייטן פוילן.

# װעגן דער יידישער צוקונפט אין קומענדיקן פוילן

פון

**אריה טאַרטאַקאָווער**

.1

עס איז אוודאי ניט לייכט צו רעדן איצט, אין מיטן פון שטורם פון די געשעענישן, װעגן דעם, װאָס דער ציוניסטישער סאָציאַליזם פאָדערט און װאָס ער דערוואַרט אין אַ נײַ־אויפגעבויטן פוילן. קיינער פון אונז חיים ניט, אין װעלכע גרעניצן די פוילישע מלוכה װעט אויפשטיין אַ ניי תחית־המתים, װי גרויס װעט זיין די צאָל יידן דאָרט און צי װעלן מיר זיין דער איינציקער נאַציאָנאַלער מיעוט, אָדער צי עס װעלן זיין נאָך אַנדערע אַ חוץ אונז. קיינער װייס אויך ניט, װאָס װעט זיין די סאָציאַלע און די פּאָליטישע סטרוקטור פון דער פוילישער מדינה. דער באַגריף פון אַ דעמאָקראַטישן פוילן, מיט װעלכן מען אָפּערירט היינט, איז אוודאי ניט קיין גענוגנדער, כדי צו באַשטימען לויט דעם דעם פּרצוף פון קומענדיקן פוילן. מיר האָבן שוין געהאַט אַ דעמאָקראַטיע אין פוילן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער פריערדיקער װעלט־מלחמה און קיינער פון אונז איז ניט באַגייסטערט פון יענע דעמאָקראַטישע צייטן, װען די ענדעציע מיטן „פּיאַסט" האָבן געבעל-הבית'עװעט אין לאַנד.

אין אַ פוסטן רוים לאָזט זיך אַלזאָ קיין ספּעקולאַציע װעגן יידישער צוקונפט אין פוילן ניט מאַכן. כדי מיר זאָלן קאָנען מאַכן געוויסע אויסרעכנונגען און אויפשטעלן געוויסע פּלענער, מוזן מיר אָפּערירן

מיט געוויסע הנחות, וואָס זיינען אוודאי ניט גאַנץ זיכער. לאָמיר דאָ אויפשטעלן דריי אַזעלכע הנחות, אויף וועלכע עס וועלן אויפגעבויט ווערן די קומענדיקע אויספירונגען. די ערשטע הנחה איז, אַז דאָס קומענדיקע פוילן וועט זיין מער־ווייניקער אין די זעלבע גרעניצן, ווי פריער, דאָס הייסט, אַז עס וועט האָבן אַ חוץ אונז נאָך לכל־הפחות צוויי סלאַווישע נאַציאָנאַלע מיעוטים, די ווייסרוסן און די אוקראַאינער, און אפשר אויך אַ דייטשן מיעוט, אויב מען וועט די דייטשן דערלויבן צו בלייבן אין פוילן. די צווייטע הנחה איז, אַז פוילן וועט ווערן איינגעגלידערט אין אַן אייראָפּעאישער פעלקער־משפּחה, וועמענס סאָציאַלע און פּאָליטישע סטרוקטור וועט שטאַרק געענדערט ווערן. אין אַ צוזאַמענהאַנג מיט דעם געפינט זיך אונזער דריטע הנחה, אַז פוילן וועט זיין — פּונקט אַזוי ווי גרויסבריטאַניע —- ניט נאָר אַ דעמאָקראַטישע, נאָר אַ סאָציאַליסטישע, אָדער אַ האַלב־סאָציאַליסטישע מדינה, וועמענס פּאָליטיק און וועמענס ווירטשאַפט וועט ווערן דיקטירט דורך דעם אָרגאַניזירטן פּאָלק אין זין פון די אינטערעסן פון גאַנצן אַרבעטנדיקן כלל.

.2

אַרויסגייענדיק פון אַזעלכע דריי הנחות, לאָמיר קודם־כל געבן אַ קוק, ווי עס וועט אויסזען די סיטואַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין סאַמע אָנהייב פון פוילנ'ס נייער עקזיסטענץ. די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה זיינען געווען אין פוילן יאָרן פון אַן אַלץ שאַרפערן פּראָצעס פון אַרויסשטופּן יידן פון זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. די נאַצי־אָקופּאַציע פון פוילן, וואָס איז דערנאָך געקומען, האָט צוגעפירט, ערשטנס, צו אַ גאַנצן סיסטעם פון אַן אַנטי־יידישער געזעצגעבונג, צווייטנס, צו אַ געוואַלטיקער טעריטאָריעלער דיסלאָקאַציע פון יידן, אַרויסטרייבנדיק זיי פון באַשטימטע טיילן פון לאַנד אָדער פון באַשטימטע שטעט און שטאָט־טיילן, און דריטנס האָט די דאָזיקע אָקופּאַציע צוגעפירט צו אַ פולשטענדיקער פּויפּעריזירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַרויסשטופּנדיק זי פון כמעט אַלע פאָרמען פון פּרנסה און פון אַרבעט. די ערשטע באַדינגונג פון אַ נאָרמאַלער יידישער עקזיסטענץ אין קומענדיקן פוילן איז צוליב דעם — מבטל צו מאַכן די דאָזיקע דריי אַבסורדע דער־

שיינונגען וואָס זיינען אוודאי ניט דיקטירט געוואָרן דורך דער נאָרמאַ-
לער אַנטוויקלונג פון לעבן: א) די אַנטיסעמיטישע געזעצגעבונג, ב) דעם
געטאָ אין אַלע זיינע פאָרמען און ג) דאָס שטעלן יידן מחוץ פון נאָר־
מאַלן עקאָנאָמישן לעבן. אמלייכטסטן וועט זיכער זיין דאָס ערשטע.
די אַנטיסעמיטישע געזעצגעבונג קאָן און דאַרף אָפּגעשאַפט ווערן דורך
אַן אַנטשפּרעכנדיקער דעקלאַראַציע פון דער פּוילישער רעגירונג. אמת
איז, אַז אויך די איצטיקע פּוילישע רעגירונג האָט דערקלערט פאַר נים
גילטיק אַלע געזעצן און פאַראָרדנונגען פון די דייטשע אָקופּאַנטן, וואָס
גייען אַרוים מחוץ די ראַמען פון אַ נאָרמאַלער אַדמיניסטראַציע, אָבער
ערשטנס, איז דער באַגריף פון אַ „נאָרמאַלער אַדמיניסטראַציע” ניט גאַנץ
קלאָר און ביים שלעכטן ווילן קאָן מען זיכער אַריינפּרעסן אין אים, וואָס
מען וויל, און צווייטנס, האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן די געזעצן פון די
נאַצים נאָר אויך וועגן די אַנטיסעמיטישע געזעצן און פאַראָרדנונגען פון
דער פריערדיקער פּוילישער רעגירונג אָדער אירע אָרגאַנען, ווי אין דער
ערשטער ריי דער געזעץ וועגן דער שחיטה און די פאַרשידענע פאַראָרד־
נונגען וועגן די געטאָ־בענק אין די הויך־שולן. אַ פאָרמעלע אָפּשאַפונג
פון אַלע געזעצן פון דעם מין איז אַלזאָ אוודאי אַ נויטווענדיקייט.

עטוואָס שווערער וועט שוין זיין מיט דער אָפּשאַפונג פון די
געטאָס און פון דער נייער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי”, ווייל דאָ קאָן מען
נים יוצא זיין מיט אַ געזעץ צי מיט אַ פאַראָרדנונג, נאָר מען דאַרף
אויך שאַפן די טעכנישע און די עקאָנאָמישע מעגלאַכקייטן פון אַ פּראָ־
צעס פון מאַסן־אומגרופּירונג, וואָס זאָל צורעכט־מאַכן די עוולות פון
דער נאַצישער אָקופּאַציע. און אַמשטאַרקסטן קאָמפּליצירט וועט אוודאי
זיין דער פּראָבלעם פון איינאָרדנען אין עקאָנאָמישן לעבן יענע הונדער־
טער טויזנטער, וואָס זיינען פון דאָרט אַרויסגעשטופּט געוואָרן מיט כוח.
די פּלעצער, פון וועלכע די יידן זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן, זיינען
ניט געבליבן ליידיק; זיי זיינען פאַרנומען געוואָרן ענטוועדער דורך
דייטשן אָדער דורך פּאָליאַקן. פון די ערשטע וועט מען מן־הסתם קענען
פּטור ווערן, אַ סך שווערער וועט עס זיין מיט די צווייטע. עס וועט
נויטיק זיין אַ גרויסע מאָס פון טאַקט־געפיל, פון באַוואוסטזיניקייט און
פון ענערגיע ביים דערפילן די איינציקאַרטיקע אויפגאַבע, וואָס איז
קיינמאָל ניט פאָרגעקומען אין דער געשיכטע פון דער וועלט. דאָס וועט

זיין, אזו צו זאָגן, די פּייער־פּראָבע פאַר דער נייער פּוילישער מדינה. פון דער מאָס פון איר גוטן ווילן און פון איר ענערגיע ביים דערפילן די אויבן־דערמאָנטע אויפגאַבן וועט אָפּהענגען די רעאַליזירונג פון אַ ניי און גערעכט יידיש לעבן אין קומענדיקן פּוילן.

3.

מיר ווילן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף אַ ריי פאָדערונגען, וואָס דאַרפן פאַרצייכנט ווערן אין נאָמען פון יידישן פאָלק און וועמענס רעאַלי־זירונג אין אַ פריי און דעמאָקראַטיש פּוילן, ווי מיר האָבן עס פריער דעפינירט, דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלאַכע זאַך. אַז מיר יידן דאַרפן פאָדערן און באַקומען אין פּוילן אַ פולע בירגערלאַכע און נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, אַז עס טאָר ניט זיין קיין שום דיסקרימינאַציע ניט אין עקאָנאָמישן און ניט אין סאָציאַלן לעבן בכלל, אַז סיי דער מלוכה׳שער און סיי דער מוניציפּאַלער דינסט דאַרף זיין אָפן פאַר אַלע, וואָס האָבן קוואַליפיקאַציעס פאַר דעם, און אַז יידישע אינסטיטוציעס — אין ערשטער ריי יידישע שולן — דאַרפן געשטיצט ווערן פון דער מדינה, פּונקט ווי עס ווערן געשטיצט פּוילישע שולן, דאָס זיינען אַלץ זעלבסטפאַרשטענדלאַכקייטן, אויף וועלכע עס איז ניט כדאי זיך אָפּצושטעלן דאָ לענגער. עס זיינען אָבער דאָ דריי פּראָבלעמען, וועלכע ווילן מן־הסתם שטיין אין זייער גאַנצער שאַרפקייט סיי פאַר דער יידישער באַפעלקערונג און סיי פאַר דער מלוכה׳שער אַדמיניסטראַ־ציע אין קומענדיקן פּוילן און די דאָזיקע פּראָבלעמען דאַרפן דאָ קורץ באַהאַנדלט ווערן. דאָס איז ערשטנס דער קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם, צווייטנס די יידישע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און דריטנס, די פּראָפע־סיאָנעלע איבערגרופּירונג פון די יידישע מאַסן אין אַ זין, וואָס וועט אַנטשפּרעכן סיי די יידישע נויטן און סיי דער סטרוקטור פון דער קומענדיקער וועלט.

דער קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם טאָר ניט באַטראַכט ווערן פון פאָרמעלן שטאַנדפּונקט. פּוילן איז געווען פאַר׳סמ׳ט מיט אַנטיסעמי־טיזם שוין פאַר דער איצטיקער מלחמה אין אַ מאָס, וואָס איז ניט געווען באַקאַנט אין קיין שום אַנדער לאַנד, אפילו ניט אין דייטשלאַנד.

דאָרט איז דער אַנטיסעמיטיזם פּראָפּאַגירט געוואָרן אין זיין ברוטאַל־סטער פאָרם דורך דער רעגירונג, ניט געפינענדיק קיין סך אמתע סימ־פּאַטיעס צווישן די מאַסן פון דער באַפעלקערונג, בשעת אין פּוילן איז ער געווען די אַמשטאַרקסטן פאַרשפּרייטע דערשיינונג אין געזעלשאַפט־לאַכן לעבן און ער איז באַנוצט געוואָרן דורך דער רעגירונג, כדי צו פאַרפעסטיקן איר אייגענע פּאָזיציע. עס איז ניט לייכט צו באַשטימען די השפּעה, וואָס די מלחמה האָט געהאַט אין דער דאָזיקער באַציאונג. פון איין זייט האָבן די בשותפות'דיקע ליידן און דאָס בשותפות'דיקע באַהאַנדלט ווערן ווי העלאָטן מן־הסתם פאַרקלענערן דעם תהום צווישן די פּאָליאַקן און די יידן, פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט די ברוטאַלע אַנטיסעמיטישע געזעצגעבונג געוויזן די פּאָליאַקן — ווענן וואָס זיי האָבן געהאַט פריער פונדעסטוועגן געוויסע ספקות — אַז מען קאָן דעם אַנטיסעמיטיזם מאַכן פאַר א באַזיס פון גאַנצן געזעלשאַפטלאַכן לעבן פון לאַנד. ווי עס זאָל ניט זיין, דער פּראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם וועט זיין אין קומענדיקן פּוילן זיכער ניט ווייניקער ברענענדיק, איידער ער איז געווען אין דער תקופה נאָך דער פריערדיקער מלחמה. ווענן אָפּשאַפן אים נאָר דורך דעקרעטן פון דער רעגירונג אָדער אפילו דורך פּאַראַגראַפן פון שטראָף־געזעצן קאָן ניט זיין קיין רייד. אוודאי דאַרפן אַזעלכע פאַר־אָרדנונגען ווערן פאַרעפנטלאַכט, ווייל ווי עס זאָל ניט זיין, די מורא פאַר שטראָף איז א וויכטיקער פאַקטאָר אין מענטשלאַכן צוזאַמענלעבן, אויף וועלכן מען קאָן — לכל־הפחות לעת־עתה — ניט מוותר זיין. אָבער אָפּשאַפנדיק די סימפּטאָמען פון אַנטיסעמיטיזם, שאַפט מען אים אַליין נאָך ניט אָפּ. מיר האָבן נאָר איין ביישפּיל אין דער וועלט, וואו דער אַנטיסעמיטיזם איז א דאַנק דער צילבאַוואוסטער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, זעט אויס, אינגאַנצן פאַרשוואונדן. דאָס איז ראַטן־רוסלאַנד. די אַנטוויקלונג אין יענעם לאַנד איז אוודאי ניט געווען נאָר א קאָנסעק־ווענץ פון שווערע שטראָף־געזעצן; ניט ווייניקער האָט געווירקט די רעוואָלוציאָניזירונג פון גאַנצן לעבן, וואָס האָט אין א גרויסער מאָס גע־ענדערט אויך די נשמות אָדער לכל הפחות די מענטאַליטעט פון די מענטשן. צי אין קומענדיקן פּוילן וועלן פאָרקומען אַזעלכע ענדערונגען, איז שווער צו באַשטימען איצט. אויב אָבער עס זאָל רעאַליזירט ווערן דער געדאַנק ווענן אַן אייראָפּעאישער פעדעראַציע, דאַן וועט די אַנט־וויקלונג, הגם זייענדיק סאָציאַליסטיש אָריענטירט, זיין מן הסתם א

מער עוואָלוציאָנערע. אין סאמך מיטן אַנטיסעמיטיזם וועלן מוזן צוליב דעם באַנוצט ווערן אין ערשטער ריי פאָלקס־דערציערישע מעטאָדן, נוט אדורכגעטראכטע און גוט רעאַליזירטע דורך דער מאכט. וואָס שנעלער עס וועלן צוגעגרייט ווערן די פּרטים פון אַזאַ פּראָגראַם, און וואָס קלאָ־רער עס וועט זיין דער ווילן פון דער רעגירונג אים אדורכצופירן, אַלע וויכטיקער וועט עס זיין פאַר דער צוקונפט. אַזאַ פּראָגראַם איז אַ סך ווערטפולער, איידער צענדליקער דעקלאַראַציעס וועגן יידישער גלייכ־בארעכטיקונג.

זייער קאָמפּליצירט איז דער פּראָבלעם פון דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. מיר האָבן זי אין פאַר־מלחמה׳דיקן פּוילן ניט געהאַט, ניט נאָר צוליב דעם שלעכטן ווילן פון דער רעגירונג, נאָר אויך צוליב די ספּעציעלע שוועריקייטן פון רעאַליזירן אַזאַ געדאַנק אין די באַדינגונגען פון יידישן לעבן און אין אַ געוויסער מאָס אויך צוליב אונזערע אייגענע חטאים. די פּוילישע רעגירונג האָט אונז אוודאי ניט געוואָלט געבן קיין נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע; אפילו די פּאָר געזעצן, פון וועלכע אַ סורָגאַט פון אַ נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע וואָלט זיך געקאָנט אַנטוויק־לען, ווי אין ערשטער ריי דער געזעץ וועגן יידישע קהילות און וועגן אַן אויבערשטן יידישן רעליגיעזן ראַט, זיינען געבליבן אויפן פּאַפּיר. דער אמת איז אָבער, אַז אפילו ווען זי וואָלט געוואָלט עפּעס אויפטון אויפן געביט — ווי רעאַליזירן דעם פּרינציפּ פון דער אַלטער פּראָבלעם — אויף דעם געביט, וואָלט די פּוילישע רעגירונג ניט געהאַט קיין לייכטע נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע לגבי אַ פאָלק, וואָס איז ניט קאָנצענטרירט אויף איין שטח, נאָר פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד, האָט ניט פאַר־לוירן זיין אקטואַליטעט ביז היינט. טעאָרעטיש האָט מען אים געפּרואווט צו לעזן דורך דעם פּרינציפּ פון אַ נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע. ווי אַזוי אָבער אַזאַ פּרינציפּ זאָל רעאַליזירט ווערן אין ממשות׳דיקן לעבן, איז ניט באַוויזן געוואָרן ביז היינט, און אויף די קורצע דערפאַרונגען פון אוקראַינע און פון ליטע קאָן מען זיך אוודאי ניט פאַרלאָזן. אַ פּראָגראַם פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע דאַרף אַלזאָ צוגעגרייט ווערן שוין איצט אין אַלע פּרטים און ער דאַרף אַקצעפּטירט ווערן דורך דער פּוילישער רעגירונג. מיר מוזן קודם־כל קלאָר ווערן צווישן זיך אַליין, צי באַשטייען מיר אויף אַ פולער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אויטאָנאָמיע,

וואָס וואָלט אַרומנעמען אַלע פּאָזן פון נאַציאָנאַלן לעבן, אָדער צי וואָלטן מיר געוועז גרייט, לכל־הפּחות פאַרן אָנהייב, זיך צו באַגנוגענען מיט אַ נאַציאָנאַל קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וועמעגס רעאַליזירונג איז אַ סך איינפאַכער און לייכטער. עס וועלן אַוודאי זיין שוועריקייטן נע־גוג אויך מצד דער אמת'דיק דעמאָקראַטישער פּוילישער רעגירונג צו אַקצעפּטירן אַזאַ פּראָגראַם נעמענדיק אין אַכט דעם פּסיכאָז, וואָס האָט זיך געשאַפן אין די לעצטע יאָרן אין דער פראַגע פון נאַציאָנאַלע מיעוטים. דער עיקר וועלן אַלזאָ זיין קלאָרע און שטאַרקע פאָדערונגען, באַזירט אויף אַ וואָס איינהייטלאַכערן יידישן ווילן. די ספּעקולאַציע אויף אי־נערלאַכער יידישער צעריסנקייט וועט אויף דעם דאָזיקן שטח זיכער זיין די שטאַרקסטע. וואָס שנעלער מיר וועלן אַלזאָ באַווייזן אויפצושטעלן אַ קלאָר פּראָגראַם און קאָנצענטרירן אַרום אים די מאַסן פון פאָלק, אַלץ בעסער וועט עס זיין אין דער צוקונפט.

און אחרון אחרון... די פּראָפעסיאָנעלע איבערגרופּירונג. דער דאָ־זיקער פּראָבלעם וועט זיכער זיין דער יסודות'דיקסטער אין קומענדיקן פּוילן. ער איז אין אַ געוויסער מאָס פאַרבונדן מיט דעם פּראָצעס פון רעקאָנסטרוקציע, וואָס איז באַרירט געוואָרן אין פריערדיקן קאַפּיטל. צוריקשטעלנדיק די יידישע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וואָס זיינען צוגע־רויבט געוואָרן דורך די נאַצים, וועט מען זיכער אין אַ סך פאַלן ניט באַווייזן צו שאַפן פונדאַסניי די אַלטע יידישע — בפרט די קליינהענד־לערישע — פּאָזיציעס און מען וועט דאַרפן זוכן אַ במקום פאַר זיי. דער עיקר אָבער וועט זיין אין די ווייטערדיקע יאָרן. דער פּראָצעס פון איבערבויען די פּוילישע ווירטשאַפט אויף סאָציאַליסטישע אָדער האַלב־סאָציאַליסטישע יסודות, וואָס וועט זיך אָנהייבן מן־הסתם באַלד נאָך דער מלחמה, וועט שאַפן נייע טויזנטער און אפשר צענטליקער טויזנטער אַרבעטס־פּאָזיציעס. מיר וועלן דאַרפן צופּילנעווען, אַז די יידישע באַ־פעלקערונג זאָל האָבן איר גערעכטן חלק אין דער דאָזיקער נייער אָרד־נונג. פאַר דער יידישער באַפעלקערונג וועט דאָס זיין אַ סך וויכטיקער, איידער פאַר דער פּוילישער. די איינזייטיקע ניט־נאָרמאַלע יידישע פּראָפעסיאָנעלע סטרוקטור אין פּוילן וואָלט זיך שווער נוקס געווען אין אונז, אפילו ווען עס וואָלט ניט געווען דער אַנטיסעמיטיזם מיט דער דיסקרימינאַציע־פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג. די פּרואוון פון אַ

פּראָפעסיאָנעלער איבערגרופּירונג, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין פּוילן אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה, זיינען געווען דיקטירט ניט נאָר דורך דער נויטווענדיקייט זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דער עקסטערמי־נאַציע־פּאָליטיק, נאָר אויך דורך דעם באַוואוסטזיין, אַז עפּעס מוז זיך ענדערן אין דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור, כדי דאָס קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ זאָל ווערן אָפּגעשטעלט. עס זיינען אָבער אין פאַר־מלחמה'דיקן פּוילן ניט געווען קיין גרויסע מעגלאַכקייטן אויף דעם ראַ־ייקן געביט סיי צוליב דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער סטאַגנאַציע און סיי צוליב דער דיסקרימינאַציע-פּאָליטיק פון דער רעגירונג. נאָך דער מלחמה קאָן עס ווערן בעסער, ווען עס וועלן דאַרפן אויפגעבויט ווערן די חורבות. דער איבערגאַנג פון צענטליקער טויזנטער מענטשן פון פאַר־מיטלערישע צו אַרבעטס־פּאָזיציעס, וועמענס פּסיכאָלאָגישע פּאָרויסזעצ־צונגען זיינען שוין לאַנג פאַראַן אין פּוילישן יידנטום, וועט קאָנען דעמאָלט אַרויסגיין פון סטאַדיום פון מער אָדער ווייניקער געלונגענע טעאָרעטישע אויסרעכנונגען אויפן ברייטן שליאַך פון דער פאַרווירק־לאַכונג. אוודאי איז די ערשטע פאָרויסזעצונג פאַר דעם — דאָס אָפּ־היטן דעם פּרינציפּ פון פולער גלייכבאַרעכטיקונג און אַן אַנטשפּרעכנדע פאַרשטענדניש מצד דער רעגירונג פאַר די נויטן פון יידישן עקאָנאָמישן לעבן. וועט דאָס זיין און וועלן מיר באַווייזן צו שאַפן פּאַסיקע אָרגאַ־ניזאַטאָרישע פאָרמען פאַר אַזאַ פּראָצעס, — קאָן די רעאָרגאַניזירונג פון פּוילנ'ס עקאָנאָמיק עפענען דעם וועג פאַרן געזונט־מאַכן דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן.

אָט פון דער לעזונג פון די דאָזיקע דריי פּראָבלעמען: קאַמף מיט אַנטיסעמיטיזם, נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע און פּראָפעסיאָנעלע איבער־גרופּירונג אין ראַמען פון דער סאָציאַליזירונג פון דער פּוילישערווירט־שאַפט, הענגט־אָפּ די יידישע צוקונפט אין פּוילן. אַ גוטע לעזונג פון די דאָזיקע פּראָבלעמען קאָן שאַפן אַ באַזיס פאַר אונזער גוטן און געזיכערטן קיום אין לאַנד אין די קומענדיקע יאָרן און דורות. וועלן אָבער די פּראָבלעמען ניט געלעזט ווערן, דאַן וועט אונז ניט העלפן קיין פאָרמעלע גלייכבאַרעכטיקונג, ווי פייערלאַך זי זאָל ניט פּראָקלאַמירט ווערן און ווי שטרענג זי זאָל ניט אָפּגעהיט ווערן אין טאָג־טעגלאַכן לעבן.

דאָס זיינען, אזוי צו זאָגן, די אָרגאַניזאַטאָרישע פּאָרויסזעצונגען; אָבער זיי אַליין קאָנען אַוודאי נאָך ניט באַשטימען וועגן דעם אינהאַלט פון יידישן לעבן. לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז אויך אין דער באַציאונג וועט זיך אַ סך ענדערן אין קומענדיקן פּוילן. דאָס יידיש־פּוילישע לעבן אין די פריערדיקע יאָר־צענטליקער האָט זיך געשטיצט בעיקר אויף צוויי פאַקטאָרן: אויף דער אייגענער יידישער קולטור־שאַפונג און אויפן גרויסן אָנטייל אין אויפבוי־ווערק אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע פאַקטאָרן וועלן אַוודאי בלייבן אויך פאַר דער צוקונפט, אָבער צוליב די געענדערטע אויסערלאַכע באַדינגונגען, וועלן פאָרקומען ענדערונגען אויך אין זיי און עס וועלן צוקומען צו זיי נאָך צוויי אַנדערע, וואָס האָבן אין פאַרמלחמה'דיקן פּוילן ניט עקזיסטירט, אָדער האָבן לכל־הפּחות, צוליב דער אַלגעמיינער אַטמאָספערע, קיין באַדייטונג ניט געהאַט. דאָס איז ערשטנס, דער פּראָבלעם פון אונזער צוזאַמענווירקן מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג און צווייטנס, דער פּראָבלעם פון דער סאָציאַלער צוקונפט אין פּוילן.

דאָס צוזאַמענלעבן מיט די פּאָליאַקן — און אויך מיט די אַנדערע סלאַווישע נאַציאָנאַלע מיעוטים — האָבן מיר פאַרשטאַנען און באַהאַנדלט פריער כמעט נאָר פון שטאַנדפּונקט פון קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם. דאָס איז, ליידער, געווען באַגרינדעט אין דער רעאַליטעט פון פאַרשאָלטענעם לעבן אין פאַר'מלחמה'דיקן פּוילן, וואו די פּאָליאַקן האָבן זיך בדרך־כלל געלאָזט איינטיילן אין צוויי קאַטעגאָריעס: אַנטיסעמיטן (די אַ סך גרעסערע גרופּע), און מענטשן, וואָס האָבן זיך מיט אונז, יידן, כמעט ווי ניט אינטערעסירט. אין אַ פולער פּאַראַלעליטעט צו דעם האָבן מיר, יידן, — פון אַלע פּאַרטייען — זיך איינגעטיילט אין אַ גאָר גרויסער מאַיאָריטעט, וואָס האָט, קלערנדיק וועגן פּאָליאַקן, געקלערט קודם־כל וועגן זייער אַנטיסעמיטיזם, און אַן אַנדערע קלענערע גרופּע, וואָס האָט וועגן פּאָליאַקן אינגאַנצן ניט געקלערט. דער אַלטער גייסט פון אַסימילאַציע האָט באַנקראָטירט נאָך מיט צוויי צי דריי יאָר־צענטליק צוריק, אויף זיין אָרט איז, אַלס אַ פּאָזיטיווער אינהאַלט, גאָר־ניט געקומען. אין דער באַציאונג זיינען מיר, יידישע סאָציאַליסטן, —

לאָמיר זיך מודה זיין צווישן זיך אליין — אויך ניט נעוועזן קיין יוצא־מן הכלל; אונזער צוזאַמענאַרבעט מיט דער פּוילישער אַרבעטערשאַפט האָט געהאַט אַ ריין־דעמאָנסטראַטיוון כאַראַקטער, צו אַן אמת'ן צוזאַמענלעבן איז עס נאָרניט געקומען.

איצט וועט דאַרפן קומען דער איבערברוך. אויב עס וועט זיך איינגעבן צו באַזייטיקן דעם קאָשמאַר פון אַנטיסעמיטיזם, אָדער לכל־הפחות צוריקברענגען אים צו אַ צווייטראַנגיקער דערשיינונג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון לאַנד דאַן וועלן מיר אַלע — סיי יידן און סיי פּאָליאַקן —שטיין פאַר דער גרויסער געשיכטלאַכער אויפגאַבע, צו שאַפן נייע באַציאונגען צווישן ביידע פעלקער, באַזירט אויף דער אַנערקענונג פון אונזער באַזונדערן נאַציאָנאַלן קיום, און אויך אויף דער נויטווענדיקייט פון שעפערישער אַרבעט אויף אַ סך, זייער אַ סך געביטן. דאָס צונויפרעדן זיך פון ביידע פעלקער ניט נאָר פון פאָרמעלן שטאַנדפונקט פון גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן, נאָר אויך פון דעם א סך טיפערן געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפונקט, פון בשותפות'דיקער שאַפונג, — אָט דאָס איז אַ געוואַלטיקע אויפגאַבע פאַר דער צוקונפט. פון דעם שטאַנדפונקט זענען אַזוי וויכטיק די ערשטע שמועסן וואָס זיינען איניציאירט געוואָרן מיט די פּאָליאַקן דאָ אין אַמעריקע און וואָס דאַרפן געפינען זייער המשך אין פּוילן אליין. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז אוודאי באַרופן צו שפּילן די פירנדיקע ראָל אויף דעם געביט.

אין אַן ענגן צוזאַמענהאַנג מיט דעם שטייט דער פּראָבלעם פון פּוילנ'ס סאָציאַלער צוקונפט. מיר האָבן זיך מיט אים אין די פריערדיקע יאָרן ניט פאַרנומען, לכל־הפחות ניט ווי מיט אַ ממשות'דיקער אויפגאַבע. אין קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע און פאַר סאָציאַליזם זיינען מיר ניט געקומען אַ סך איבער די גרענעצן פון צייטונגס־אַרטיקלען און פון פאַרזאַמלונגען. דאָס וועט זיך איצט דאַרפן ענדערן. פּוילן וועט נאָכן קריג שטיין פאַר דער אויפגאַבע צוצופּאַסן איר עקאָנאָמיש און סאָציאַל לעבן צו דער אידעע פון אַן אייראָפּעאישער פעדעראַציע. דער דאָזיקער פּראָצעס וועט זיך אוודאי ניט לאָזן אדורכפירן אָן גרויסע אינערלאַכע שוועריקייטן און אפשר גאָר קאַמפן. עס וועלן דאַרפן מאָביליזירט ווערן פאַר אים די בעסטע כוחות, סיי פון דער פּוילישער און סיי פון דער יידישער געזעלשאַפט. אָט דאָס וועט זיין דער וויכטיקסטער שטח פון אַ יידיש־

פוילישן צוזאמענווירקן אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה. אַ קלאָרע איינשטעלונג אויף פעלקער־פאַרברידערונג, אויף אָפּשאַפן אָדער לכל־הפחות פארקלענערן ביז צו מינימום די גרעניצן צווישן די איינצלנע לענדער, אויף אַ סאָציאַליסטיש־אָרגאַניזירטערווירטשאַפט און אויף אַ פולער פרייהייט פון וואַנדערונג — אָט דאָס זיינען די פּרינציפּן, פאַר וועלכע מיר וועלן דאַרפן קעמפן אין פוילן, זייענדיק פאַראַנטוואָרטלאַך, פונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג, פאַר דער רעאַליזירונג פון די דאָזיקע אויפגאַבן.

.5

אָבער ווי געזאָגט, אויך אין אונזער אינערלאַכן לעבן וועט זיך אַ סך דאַרפן ענדערן. די יידישע קולטור־שאַפונג אין פוילן איז געווען די שאַפונג פון אַ קעמפנדן פאָלק. ארומגערינגלט פון אַן אטמאָספערע פון שנאה, דארפנדיק ביטער קעמפן פאַר יעדער קלענסטער פּאָזיציע, האָבן מיר פונדעסטוועגן אויפגעבויט אַן אייגן אינטענסיוו לעבן אויף דער אייגענער שפּראַך און קולטור און קונסט און מיט אונזערע אייגענע אידעען. אָדער איז דאָס אפשר געווען צוליב דער שנאה, פון וועלכער מיר האָבן געליטן? און איז אפשר פאַראַן אַ סכנה, אַז אויב עס וועט זיך אָפּשוואַכן דער קעמפערישער גייסט פון פאָלק, וועט אויך פאַרגלייווערט ווערן דער אייביקער דראַנג צו דער אידעע, צום געדאַנק, צו דער אָריגינעלער שאַפונג? עס לאָזט זיך נים נעגירן דער פאַקט, אַז אויך די שלעכט־פאַרשטאַנענע גלייכבארעכטיקונג איז געווען איינע פון די סיבות פון דער גייסטלאָזער אסימילאַציע, אין פיל לענדער. זאָל דאָס פוילישע יידנטום אָפּגעהיט ווערן פאַר אַזאַ גורל! און אָפּגעהיט וועלן מיר ווערן פון אים נאָר דעמאָלט, אויב פון סאַמע אָנהויב אָן וועלן מיר באַווייזן צו דערוועקן אין די מאַסן פון פאָלק דעם באַוואוסטזיין וועגן דער נויטיקייט פאַרצווזעצן די אייגענע קולטור־שאַפונג, אויב עס וועט פון סאַמע אָנהויב אָן געשאַפן ווערן אַ גוטע יידישע שול, אַ גוטער טעאַטער, אַ גוט בוך, און אויב עס וועט זיך אָנהייבן אַ פּראָצעס פון פאָלקס־דערציאונג, וואָס וועט באַווייזן אריינצודרינגען אין דער נשמה פון יעדן יחיד, מאָביליזירנדיק זי צו אַ טיפער דערקענטעניש און צו אַ יידישער נאַציאָנאַלער שאַפונג.

אין דער זעלבער ריכטונג וועט אויך דארפן גיין אונזער ציוניסטישע ארבעט אין א פריי פוילן. מיר זיינען נעווען פארבונדן מיט ארץ־ישראל ניט נאָר דורך דער גרויסער אידעע פון יידישן נאַציאָנאַלן היים, נאָר אויך גאַנץ ממשות'דיק דורך דעם שטראָם פון עליה, וואָס איז נעגאַננען אין אן אלץ גרעסערן פארנעם פון פוילן קיין ארץ־ישראל. איינער פון די טרייבנדע כוחות פון דער עליה איז נעווען דאָס באוואוסטזיין צווישן די יידישע מאסן, אז אין ארץ־ישראל באקומט דער ייד א מעגלאכקייט אויסצולעבן זיך אין תנאים פון א נאַציאָנאַל־געזונטן און פולקאָמען לעבן פון א יידישער מערהייט אין א יידישער מלוכה. ס'וועט דארפן אלזאָ ווייטער געזאָרגט ווערן פאַר א חלוצישע און מאסן־עליה, גע־טריבענע אינגאַנצן דורכן באוואוסטזיין פון די נאַציאָנאַלע אויפגאבן אין ארץ־ישראל, ס'וועט אויך דארפן א סך פארשטארקט ווערן דאָס באַ־וואוסטזיין צווישן די פוילישע יידן, אז זיי זיינען — מאַטעריעל און גייסטיק — פאראַנטוואָרטלאך פארן אויפבוי פון דער יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל, פונקט אזוי ווי ס'איז פאראַנטוואָרטלאך דאָס אמערי־קאַנער יידנטום און דאָס גאַנצע יידישע פאָלק בכלל. די ציוניסטישע דערציאונג, וועגן וועלכער עס איז אזויפיל גערעדט געוואָרן אין די פריערדיקע יאָרן, וועט איצט דארפן ווערן א רעאלער און שטארקער פאַקטאָר אין יידישן פאָלקס־לעבן, א סך רעאלער און א סך שטארקער, איידער זי איז ווען־עס־איז געווען.

.6

א פּאָר ווערטער נאָך צום סוף וועגן אונזער ראָל, דער ראָל פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אויפבוי פון א יידישער צוקונפט אין קומענדיקן פוילן. אונזער גרויסע, מען קאָן אפילו זאָגן היסטאָרישע באַדייטונג אין פאַר'מלחמה'דיקן פוילן איז נעווען, וואָס פּראָקלאַמירנדיק דעם ארבעטס־פּרינציפּ און אָרגאַניזירנדיק ארום אים די חלוצישע באַוועגונג, האָבן מיר געשאַפן די פּסיכאָלאָגישע יסודות פאַר אן איבערבוי פון א יידישן לעבן. ליידער אָבער איז אונזער השפּעה, פּאָליטיש און עקאָנאָמיש, ניט געווען גענוג שטארק, כדי פון די דאָזיקע חלוצישע יסודות צו מאכן א טאָג־טעגלעכע רעאליטעט. אָפּגעזען פון

פאראייניקטע, הגם זיבער זייער וויכטיקע פאלן, האָבן מיר ניט באוויזן אומצואוואנדלען די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען פון ציוניסטישן סאָציאַליזם אין אַ ממשות'דיקער פאָלקס־זאַך. אָט דער דאָזיקער הסרון מוז ווערן פאַריכט אין פעריאָד פון נאָך דער מלחמה.

לאָמיר נאָך אַמאָל דערמאָנען די עיקר־פּראָבלעמען, וואָס זיינען סקיצירט געוואָרן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען. יעדער פון זיי פאַרלאַנגט אַ קלאָר פּראָגראַם און אַ וואָס מער פאראייניקטן יידישן פראָנט אַרום דעם פּראָגראַם. מען דאַרף זאָגן זיך אַליין און מען דאַרף אויך זאָגן דער וועלט, ווי מיר שטעלן זיך פאַר דעם פאָלקס־דערציאונגס־פּראָצעס אין קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם; מען דאַרף זאָגן קלאָר און דייטלאַך, ווי מיר שטעלן זיך פאַר די פאָרמען פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און וואָס דאַרף זיין די ראָל פון יידן אין איבערבוי־פּראָצעס פון דער פּוילישער ווירטשאַפט. מען דאַרף דערנאָך שאַפן אַן איינהייטלאַכן פאָלקס־ווילן אַרום די דאָזיקע פּראָגראַמאַטישע פעסט־שטעלונגען און אויף אַזאַ אופן סיי צווינגען די פּוילישע רעגירונג זיך מיט זיי ממשות'דיק צו רעכענען און סיי בויען די נויטיקע פּסיכאָלאָגישע פאָרויסזעצונגען פאַר אַ פאָלקס־אַקציע, וואָס דאַרף געפירט ווערן אויף אַ פּאַראַלעלן אופן און אומאָפּהענגיק פון די האַנדלונגען פון דער פּוילישער רעגירונג. מיר קאָנען אוודאי ניט פאָרויסזען אַלע דעטאַלן פון פּוילנ'ס פּאָליטישער און עקאָנאָמישער סטרוקטור נאָך דער מלחמה. אָבער אין די ראַמען פון וואַרשיינלאַכקייט קאָנען אויסגעאַרבעט ווערן פּלענער און עס קאָנען דעראָבערט ווערן פאַר זיי די יידישע הערצער. עס קאָנען אַפילו שוין איצט אָנגעהויבן ווערן אונטערהאַנדלונגען מיט דער פּוילישער מאַכט און מיט די איינצלנע פּוילישע פּאַרטייען, קודם־כל מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער און מיט דער פּויערן־פּאַרטיי, וואָס וועלן זיכער שפּילן אַ דעצידירנדע ראָל אין קומענדיקן פּוילן. די גרויסע שליחות, וואָס אונזער באוועגונג האָט דערפילט אין דער פריערדיקער מלחמה, אָרגאַניזירנדיק דעם אַמעריקאַנער יידישן קאָנגרעס און פירנדיק אונטערהאַנדלונגען מיט דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, קאָן איצט איבערגע'חזר'ט ווערן — הגם אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען — אין פּוילן. מען דאַרף נאָר האָבן דעם מוט און דעם כוח זיך תיכף נעמען צו דער אַרבעט, וועמענס רעזולטאַטן וועלן דעצידירן וועגן דעם גורל פון פּוילישן יידנטום.

# דער קאַמף פון די יידישע מאַסן אין פוילן
# פאַר זייער ווירקלאַכער גלייכבאַרעכטיקונג

פון

נ. קאַנטאַראָוויטש

עס איז, פאַרשטייט זיך, יעצט שווער פאָרויסצוזען, ווי אַזוי עס וועט אויסזען דאָס נייע פוילן, וואָס וועט אַנטשטיין נאָכן קריג. מיר אַלע האָפן, אַז דאָס וועט זיין ווירקלאַך אַ ניי פוילן, ניי לויטן מלוכה'שן אינהאַלט און לויט דער פאָרם, אַז עס וועלן זיך שוין ניט צוריקקערן די אַלטע צייטן ניט פון דער לגמרי באַנקראָטירטער, פאַשיזירנדיקער „סאַנאַציע" און דעם „אָזאָן", וואָס האָבן דערפירט דאָס יונגע לאַנד צום אָפּגרונד, און אויך ניט די צייטן פון דער פינצטערער רעאַקציאָנערער „ענדעציע" מיט איר שוואַרץ-מאה'דיקן וויסקראָבעק, דער „נאַרא". מיר האָפן אויך, אַז צוגלייך מיט דעם וועט אויך פאַרשווינדן דער אַנטיסעמיטיזם — אָט די דאָזיקע פּלאָג, וואָס האָט געלאַסטעט אויפן קערפּער פון דער יונגער פוילישער רעפּובליק אין משך פון די 21 יאָר פון איר עקזיסטענץ.

דער אַנטיסעמיטיזם אין פוילן איז — ווי ס'האָט ריכטיק באַמערקט אַמאָל ח' ניעדזשאַלקאָווסקי, וואָס איז שפּעטער מערדעריש אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע תלינים — שטענדיק געווען אַ דיווערסיע-מיטל אין די הענט פון די רעאַקציאָנערע קלאַסן און גרופּן, וועלכע האָבן דורכן אַנטיסעמיטיזם געשטרעבט צו פאַרבלענדן דעם באַוואוסטזיין פון די פוילישע מאַסן און אָפּצולענקען זייער אויפמערקזאַמ-

קייט פֿון די אַקטועלע, ממשות'דיקע, ברענענדיקע פֿראַגן פֿון לאַנד אויפֿן סאַמף קעגן יידן.

אין יאָר 1905, בעת דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, איז דער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן געווען אַ דיווערסיע מצד דער רעאַקציאָנערער ענדעציע, כדי אָפּצוציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿונם דאָן רעוואָלטירנדיקן קעגן צאַריזם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט פֿון דער רעוואָלוציע און כדי אָפּצולענקען זי אויף אַ קאַמף מיט יידן. אַ דאַנק דער וואַכזאַמקייט פֿון די פּוילישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען און אַ דאַנק זייער איבערגעגעבנהייט און טרייקייט צום אויסגעהאַלטענעם, רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן פֿאַרהאַסטן צאַריזם, איז די דאָזיקע דיווערסיע פֿון דער ענדעציע ניט געלונגען.

אין די יאָרן 1930־39 איז דער זעלבער אַנטיסעמיטיזם געוואָרן אַ דיווערסיע מצד דער הערשנדיקער, פֿאַשיזירנדיקער „סאַנאַציע“, וועלכע האָט, פּונקט ווי די ענדעציע אין יאָר 1905, געוואָלט דורכן אַנטיסעמיטיזם אָפּלענקען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די מאַסן, פֿונם קאַמף פֿאַר אַ פֿרייער און דעמאָקראַטישער אָרדנונג אין לאַנד, וועלכע זאָל דורכפֿירן די נויטיקע סאָציאַלע רעפֿאָרמען, אויפֿן קאַמף מיט יידן.

די שעפּער און פֿאַרשפּרייטער פֿונם אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן האָבן זיך אָבער געוויס ניט פֿאָרגעשטעלט, אַז זייער ליבלינגס־אידעע קאָן ווערן אַ מעכטיקער דיווערסיע־מיטל אין די הענט פֿון אַן א ו י ס ע ר־ל אַ כ ן פֿאַקטאָר, וועלכער האָט זיך פֿאַרמאָסטן אויפֿן עצם־קיום פֿון פּוילן. אַזוי איז עס טאַקע געשען פֿאַרן קריג, ווען דאָס היטלער־לאַנד, פּראַקטיצירנדיק ביי זיך אַזוי פֿיין דעם אייגענעם, ברוטאַלן, נאַציִשן ראַסן־אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן אים, אַלס אַ גוטן מיטל, וואָס, איבערגעפֿלאַנצט אויפֿן באָדן פֿון פּוילן און זייענדיק צונויפֿגעפּאָרט מיטן דאָרטיקן, אייגענעם, שוין לאַנג טעטיקן אַנטיסעמיטיזם, האָט ער געדינט אַלס אַ גייסטיקער פֿאַרבינדונגס־בריק צווישן די הערשנדיקע גרופּן אין ביידע לענדער און צוגלייך, אַלס געווער אויף צו פֿאַרבלענדן דעם נאַציאָנאַלן און פּאָליטישן באַוואוסטזיין פֿונם גרויסן טייל פֿון די פּוילישע מאַסן און אויף אָפּצולענקען זייער אויפֿמערקזאַמקייט, פֿון דער ווירקלאַכער, ממשות'דיקער, אומאויפֿהערלאַך זיך אָנרוקנדיקער נעפֿאַר מצד דער היטלער־מדינה, — אויף קינסטלאַך, פֿאַר־

ברעכעריי׳ש און פּראָוואָקאַטאָריש אויפגעבלאָזענע אינערלאַכע שטריי־
קייטן און קאַמף מיט יידן. די „יידישע געפאַר“ איז אין די הענט פון
די נאַציס און זייערע משרתים אין פּוילן געווען אַ מין רויך־פאָרהאַנג,
וואָס האָט געדאַרפט פאַרשטעלן פאַר די פּאָליאַקן די ווירקלאַכע געפאַר
מצד דער נאַציישער מדינה. דער שכל פון דער אַנטיסעמיטישער דיווער־
סיע פונם היטלעריזם אין פּוילן איז געווען אַ פּשוט׳ער: זאָלן די טשע־
ציאַקס׳ס און די „נאַראַ“־לייט העצן די פּאָליאַקן קעגן די יידן, זאָל דער
„אָזאָן“ מיט דער ענדעציע פּראָפּאַגירן כסדר דעם געדאַנק וועגן דער
„איבעריקייט“ פון די יידן אין פּוילן און וועגן דער נויטווענדיקייט זיי
צו עוואַקואירן ערגעץ־וואו, אפילו הינטער די הרי־חושך; זאָלן זיי זיך
אַלע צוזאַמען מטפל זיין מיט דער שחיטה, מיט די באַזונדערע בענק אין
די הויכשולן, מיט סטראַגאַנעס, מיטן „אָוושעם“־קאַמף, מיטן זוכן טע־
ריטאָריעס פאַר יידן, מיט שיקן עקספּעדיציעס פאַרן דאָזיקן צוועק קיין
מאַדאַגאַסקאַר — הכלל, זאָלן זיי איבערן קאָפּ זיין פאַרזונקען אין די
מ״ט שערי טומאה פון אַנטיסעמיטיזם, אבי — אבי זיי זאָלן ניט זען,
וואָס דאָס היטלער־לאַנד טוט אָפּ דערווייל ביי זיי אונטער דער זייט און
ווי אַזוי עס גרייט זיך צום גאָר נאָענטן קריג מיט פּוילן. וואָס מער די
פּאָליאַקן וועלן זיך מתעסק זיין מיטן אַנטיסעמיטיזם און זיין אין אים
פאַרטון, — אַלץ וויניקער קאָפּ און צייט וועלן זיי האָבן פאַר דעם, וואָס
עס קומט פאָר אין היטלער־דייטשלאַנד און אַלץ לייכטער וועט דעם
לעצטן שפּעטער זיין צו דעראָבערן די דורכן אַנטיסעמיטיזם פאַרפירטע
און צום קריג ניט צוגעגרייטע — פּוילישע מלוכה.

אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן, סיי דער סאַנאַטאָריש־אָזאָנישער,
סיי דער ענדעקישער זיינען דעריבער געווען צום הארצן דעם היטלעריזם
—וועגן דעם קאָנען שוין יעצט קיין צוויי מיינונגען ניט זיין. עס איז
אויך בלי שום ספק, אַז דער היטלעריזם האָט מאַטעריעל און גייסטיק
געשטיצט כל׳ערליי אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן. דער באַ־
רימטער היטלעריסטישער „אויסלאַנדס־אינסטיטוט“ האָט צוגעשטעלט
דעם גלח טשעציאַק און די „נאַראַ“־לייט ניט נאָר גייסטיקע שפּייז אויף
דעם קאַמף קעגן יידן, נאָר, ווארשיינלאַך, אויך אַנדערע הילף. נישקשה
--דער געשעפט האָט געלוינט. עס האָט געלוינט מי־יודע וואָס אריינ־
צולייגן אינם דאָזיקן יידן־פרעסערישן עסק, כדי צוצונאַגלען די אויפ־

מערקזאמקייט פון דער פוילישער געזעלשאפט צו יידן און אריינברענגען די דאזיקע געזעלשאפט אינם צושטאנד פון גייסטיקן מאראזם, ווען זי איז געוואָרן אומפעאיק צו זען ווי געהעריק די ממשות'דיקע, ווירקלאכע געפאר פון מערב' און אָנצונעמען קעגן איר געהעריקע מיטלען..

די ווייטערדיקע טראגישע געשעענישן האָבן באוויזן, אז דער אנטי־סעמיטיזם, אלס דיווערסיע מצד היטלערן, איז פולשטענדיק געלונגען.

## דער קאַמף קעגן „אָושעם"־אַנטיסעמיטיזם

פון דעם אלעמען וואָלט מען געקאָנט און געדאַרפט מאַכן דעם אויספיר, אז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אין קינפטיקן, נייעם פוילן ניט האָבן קיין שום תקומה, אז ער וועט דאַרטן באַקעמפט ווערן ביז צו דער אויסראָטונג פון אים, בלויז כאָטשבי צוליב דער פאַטאַלער ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט אינם פאַרבלענדן און פאַרווירן דעם באוואוסטזיין פון די פּאָליאַקן פאַרן קריג, הלוואי זאָל טאַקע אזוי זיין! און הלוואי זאָל דאָס נייע פוילן ענדלאַך פּטור ווערן פון דער דאָזיקער באַרבאַרישער, שאָוויניסטישער, מענטשנפאַרעסערישער אָנשיקעניש!

מ'דאַרף אָבער ניט זיין קיין איבערגעטריבענער פּעסימיסט, כדי צו פאַרשטיין, אז לגמרי וועט דער אנטיסעמיטיזם פון פוילן נ י ש ט פאַרשווינדן. פאַראַן נאָך אין פוילן גרופּן און קלאַסן, וועלכע פּאַראַזיטירן אויפן אַנטיסעמיטיזם און כל־זמן די דאָזיקע סאָציאַלע גרופּן וועלן ניט פאַרשווינדן, וועט נאָך אַלץ בלייבן דער סאָציאַלער באָדן, פון וועלכן דער אַנטיסעמיטיזם ציט זיין יניקה...

אז אין די קרייזן פון פוילישן בירגערטום האָט מען זיך נאָך עד־היום ניט אָפּגעזאָגט פונם אַלטן פאַר'מלחמה'דיקן אנטיסעמיטיזם, — באַווייזן די טרויעריק־באַרימטע ארויסטרעטונגען פון די ה"ה יוזשוויאַק און גענעראַל זשעליגאָווסקי אין פוילישן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן און די דערשיינונג פון „יעסטעם פּאָליאַקיעם", וואָס ווערט סובסידירט דורך געוויסע פּוילישע קרייזן אין לאָנדאָן. די דערמאָנטע לייט האָבן, ווי באַקאַנט, זיך ניט געשעמט ארויסצוטרעטן אָפן מיט רעאַקציאָנערע, אַנ־טיסעמיטישע רעדעס, פאָדערנדיק, אז די יידן פון פוילן זאָלן אויסוואַנ־דערן קיין עטיאָפּיע צי ערימרעע, — א זאַך, וואָס האָט געוויס געמאַכט

פרייען די הערצער פון די היטלער־לייט ניט נאָר אינם רייך, נאָר אויך אינם אומגליקלאכן, אָקופּירטן פּוילן, וואו די אָקופּאנטישע סאטראפּן פּארטיליקן און ראָטן אוים די יידישע באפעלקערונג און ווען זיי וואָלטן נאָר געקאָנט, וואָלטן זיי בכלל פארשיקט הינטער די הרי־חושך טאקע, לויטן פּראָגראם פון די יוזשוויאקס און זשעליגאָווסקים.

די ביידע היטלעריזירטע מיטגלידער פון פּוילישן נאציאָנאל־ראט האָבן באקומען א געהעריקע תשובה פון איינעם פון די פּ.פּ.ס.׳ישע פאָר־שטייער אין זעלבן נאציאָנאל־ראט, — ה׳ טשאַלקאָש, וועלכער האָט גע־שטעמפּלט די אנטיסעמיטישע רעדעס פון יוזשוויאקן און זשעליגאָוו־סקין, וואָס דערמאָנען געוויס יעדן ערלאכן פּוילישן פּאטריאָט די צעיו־שעטע אנטיסעמיטישע וואקכאנאליע אין פּוילן ערב דעם יעצטיקן קריג, און די פּאטאלע ראָל, וואָס זי האָט געשפּילט אינם צוזאמענברוך פון דער יונגער פּוילישער רעפּובליק. פּ.פּ.ס. האָט, כידוע, באקעמפּט דעם אנטיסעמיטיזם אין פּוילן נאָך אין יענע צייטן, ווען זי האָט באטראכט די יידן ניט אלס נאציאָנאלע, נאָר אלס רעליגיעזע מינדערהייט, וואָס דאַרף זיך אסימילירן.

אָבער דאָס פּוילישע בירגערטום? ווי וועט זיין זיין אויפפירונג אין קינפטיקן פּוילן? וועלן זיי פארוואַרפן דאָס געווער, מיט וועלכן דער היטלעריזם האָט זיי מקרב געווען צו זיך, פאר׳סמ׳ט און אָפּגענאַרט? וועלן זיי זיך סוף־כל־סוף אָפּזאָגן פונם אלטן אנטיסעמיטישן פּראָגראם און אָנערקענען, אז די יידן אין פּוילן דאַרפן האָבן גלייכע רעכט, ווי די פּאָליאקן? און וועלן זיי טאקע אָט די דאָזיקע גלייכבארעכטיקונג אדורכ־פירן פולשטענדיק אין לעבן?

די רעדעס פון די יוזשוויאקס און זשעליגאָווסקים, די אומפארשעמ־טע אנטיסעמיטישע העצע פון „יעסטעם פּאָליאקעם", דאָס גלייכגילטיקע פארהאַלטן זיך פון אנדערע בירגערלאכע מיטגלידער אין פּוילישן נא־ציאָנאל־ראט, דאָס שווייגן פון אנדערע פּוילישע צייטונגען אין דער עמיגראציע — דאָס אלץ דערלויבט ניט צו ענטפערן פּאָזיטיוו אויף די אויבן־געשטעלטע פראַגן. דער קאמף, וואָס פּוילן פירט יעצט קעגן היט־לעריזם, צוזאמען מיט דער ענגלישער, אמעריקאנער און אנדערע דעמאָ־קראטיעס, קאָן באווירקן דאָס פּוילישע בירגערטום צו אָפּזאָגן זיך פונם ברוטאלן, יידן־אויסראָטנדיקן ראסן־אנטיסעמיטיזם, וואָס ווערט דורכגע־

פירט דורכן מערדערישן, הענקערישן היטלעריזם. די רעשטלאך פון דער „סאנאציע" און די פארבליבענע טייל פון דער „ענדעציע", וועלן אונטער דעם דרוק פון די מערב'דיקע דעמאקראטיעס, מיט וועלכע מ'גייט יעצט צוזאמען, ווארשיינלאך פרובן אביסל „מאדערניזירן" זייערע אלטע אנטיסעמיטישע אידעען, אויספוצן און פארמאסקירן זיי מיט נייע פעדערן. און דא קאן גריילאך צונוצקומען דער ניט־ברוטאלער, „קולטורעלער" אנטיסעמיטיזם, וועלכן מ'האט פארן קריג זיך באמיט איינצופערטיקן אין די אידעאישע לאבאראטאריעס פון דער באנקראטירטער און טרויעריק־בארימטער סאנאציע. דער דאזיקער, מאדערנער, „קולטורעלער" אנטיסעמיטיזם האט, כידוע, לכתחילה געוואלט אדורכפירן א שארפע אפגרענעצונגס-ליניע צווישן זיך און דעם ברוטאלן, כוליגאנישן אנטיסעמיטיזם פון דער ענדעציע און פון די „נארא"־לייט. די לייט פון „גאזעטא פאלסקא" אדער פון „קוריער פאראנני" פלעגן אמאל פראטעסטירן קעגן די כוליגאנישע מעשים תעתועים פון דער אלטער ענדעציע און פון איר יונגן „וויסקראבעק", דער מיטן היטלעריזם פארבונדענער „נארא". די געוו. ליבעראלן און געוו. דעמאקראטן פון דער סאנאציע און די „שיין־גייסטער" פון „גאזעטא פאלסקא" און „קוריער פאראנני" האט ניט געשמעקט, אז מ'זאל פוילן, אין הינזיכט פון אנטיסעמיטיזם, שטעלן עפעס אויף איין ניווא מיט א רוסלאנד פון דער צייט פון דער „שווארצער מאה" און פון „סאיוז מיכאילא ארכאנגעלא". אבער אפילו צווישן די דאזיקע, אגב גאנץ זעלטענע פראטעסטן קעגן דער אנטיסעמיטישער כוליגאנעריע, און צווישן דעם פיל אפטערן מוסר-זאגן די „כלאפצעס" פון דער „נארא", פלעגט מען קאנען ארויסלייענען דעם אגב לגמרי ניט פארבארגענעם געדאנק און הויפט־אידעע פון דער „סאנאציע". וואס האט נעקלונגען אומגעפער אזוי: גזלנים, וואס טוט איר, נאראנים, וואס איר זייט! וואס האקט איר קעפ און וואס שלאגט איר מבית־רצח יידישע סטודענטן, יידישע סטראנאן־איינגנטימער, יידישע קרעמער, צי סתם מענטשן מיט סעמיטישע נעזער אדער פון סעמיטישן אויסזען? איר ווילט פטור ווערן פון די יידן אין פוילן? טא צו וואס שלאגן און ממית'ן זיי אין די גאסן? צו וואס אנווענדן אזעלכע מין אפשטויסנדיקע, כוליגאנישע און ניט־הומאניטארע מיטלען פון דער אמאליקער ריפישער „שווארצער מאה" און אויפרייסן מיט דעם קעגן זיך די אויגן פון דער

גאַנצער וועלט, — אַז מ׳קאָן די זעלבע אָפּעראַציע דורכפירן אויף אַ פרידלאַכן און הומאַניטאַרן אופן. צו וואָס דאַס שלאָגן מכות־רצח און אָנווענדן אַנדערע מיטלען פונם אַרסענאַל פון דער ענדעציע, אַז מ׳קאָן די יידן אויף אַ פרידלאַכן און רואיקן וועג פּראָסט־פּשוט משלח זיין פון פּוילן דורך אויסנעפינען פאַר זיי די איינוואַנדערונגס־לענדער און דורך פאַרברייטערן פאַר זיי די אימיגראַציע־מעגלאַכקייטן.

למען האמת, דאַרף מען צוגעבן, אַז עפּעס האָט די סאַנאַציע יאָ גענאַשט פון ענדעקישן אַנטיסעמיטיזם. ניט נאָר זיין הויפּט־אידעע וועגן דער נויטווענדיקייט אַרויסצושטויסן די יידן פון פּוילן, נאָר אויך אַ מיטל פונם ענדעקישן קאַמפּס־אַרסענאַל. מיר מיינען דעם מיטל פון ווירטשאַפטלאַכן קאַמף קעגן יידן. ווען דער סאַנאַטאָרישער פּרעמיער סלאַוואָי־סקלאַדאָווסקי האָט אויף דער טריבונע פון סיים בשעתו פאַראורטיילט די כוליגאַנישע מעשים פון דער ענדעציע און „נאַרא״ קעגן דער יידישער באַפעלקערונג און האָט צוגלייך דערקלערט, אַז כוליגאַניזם — ניט, אָבער ווירטשאַפטלעכן קאַמף קעגן יידן, דאָס „אָוושעם״, — האָט ער געווים געמיינט, אַז ער זאָגט אַרויס עפּעס מי־יודע וואָס פאַר אַ נייעם געדאַנק, פאַרגעסנדיק דערביי, אַז דער ענדעקי־שער לאָזונג „סוואָי דאָ סוואָגאָ״ דריקט אויס ניט ערגער דעם גאַנצן תמצית פון פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, ווי די האַרציקע, דערמונטערנדיקע הסכמה צום ווירטשאַפטלעכן קאַמף פון פּאָליאַקן קעגן יידן, וואָס איז איינגעשלאָסן אינם וואָרט „אָוושעם״.

אָט פאַר דעם, כלומרשט „מאָדערנעם״, ניט־כוליגאַנישן און „קול־טורעלן״ אַנטיסעמיטיזם דאַרף געוואָרנט ווערן. זאָל מען ניט מיינען, אַז מיט אָפּזאָגן זיך פון די פּאָגראָם־מיטלען פון דער ענדעציע און פון דער „נאַרא״ און מיט פאַרוואַרפן דעם אַנטיסעמיטישן קלאָפּערגעצייג, מיט וועלכן עס האָט זיך באַנוצט די צאַריש־רוסישע „שוואַרצע מאה״ און מיט וועלכן עס באַנוצט זיך בימינו דער היטלעריזם, איז מען שוין יוצא דעם פליכט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג און מ׳איז שוין פּטור פון וועלכע ס׳איז אַנדערע פליכטן לגבי איר. די „אָוושעם״־פּאָליטיק, דאָס רופן די פּאָליאַקן צום ווירטשאַפטלאַכן קאַמף קעגן יידן איז, אין איר גאַנצן וועזן, פּונקט אַזוי אַנטיסעמיטיש, ווי די פאַרוואָרפענע און פאַראורטיילטע פּאָגראָם־פּראַקטיק פון דער היטלעריזירטער ענדעקאָ־נאַ־

רא. שטייט מען אויפן שטאנדפונקט, אז יידן זיינען גלייכבארעכטיקטע בירגער פון פוילן, פונקט ווי אנדערע איינוואוינער פון לאנד, קאָן מען ניט דיסקרימינירן זיי דורך דעם, וואָס איין טייל פון דער באפעלקערונג, די פּאָליאַקן, וועט גערופן ווערן צום קאמף קעגן א צווייטן טייל — די יידן. יעדע מין דיסקרימינאציע, און געוויס אויך די ווירטשאפטלאכע דיסקרימינאציע, איז אַן אָפענער און אומפארשעמטער ברוך פונם פּרינ־ציפּ פון דער גלייכבארעכטיקונג פון אלע טיילן פון דער באפעלקערונג פון לאנד. און אויב די יידן דארפן אינם נייעם פוילן געניסן באמת פון גלייכע רעכט און ניט געהערן עפּעס צו א קאטעגאָריע פון צווייטראנגי־קע בירגער פון לאנד, — דאן הייסט עס, אז די „אָוושעם"-פּאָליטיק, דאָס רופן די פּאָליאַקן צום ווירטשאפטלאכן קאמף קעגן יידן טאָר אין נייעם פוילן לא יפקד ולא יזכר ווערן. דאָס דארפן זיך אריינגנעמען אין קאָפּ די אלע, פוילישע בירגערלאכע עלעמענטן, וועלכע דעקלאמירן יעצט אזוי פיין וועגן גלייכבארעכטיקונג פאר יידן אין קינפטיקן, פרייען און נייעם פוילן. טאָמער זיינען פאראן צווישן זיי אזעלכע, וואָס האָפן, אז שפּעטער, אינם באפרייטן פוילן, וועט זיך לאָזן אפשר קאָמבינירן גליי־כע רעכט פאר יידן מיט אן „אָוושעם"-צוגאָב און צו דורכשמוגלען אזוי־ארום עפּעס א „לייכטערן" „קולטורעלן" אנטיסעמיטישן פּראָגראם, וואָס וועט פון אויבן זיין פארדעקט מיטן לבוש פון עפּעס א פּאפּירענער, ריין־פאָרמעלער „גלייכבארעכטיקונג" פון דער יידישער באפעלקערונג אין פּוי־לן, — דארפן אָט די דאָזיקע עלעמענטן שוין יעצט געוואָרנט ווערן, אז די יידישע מאסן אין פוילן זיינען שוין צו פיל געפּרובט געוואָרן, אז זיי זאָלן זיך לאָזן אָפּנארן און פארפירן דורך שיינע צוזאָגן און פּאפּירענע הבטחות. גלייכע רעכט דארפן די יידן האָבן ניט נאָר אין דער קאָנ־סטיטוציע, נאָר — דער עיקר — אין לעבן. די גלייכבארעכטיקונג פון די יידן אין פוילן וועט דארפן זיין ניט קיין פּאַ־מעלע, נאָר א פּאַקטישע, א ווירקלאכע, אן אדורכגעפירטע אין לעבן.

## די פראגן פון איבערשיכטונג און פּראָדוקטיוויזירונג

אין שייכות מיט דעם אנטשטייען אייניקע אנדערע פראגן, וועגן וועלכע עס דארף גערעדט ווערן באריכות. די, וואָס האָבן געוואוינט

אין פוילן, דערמאָנען זיך אפשר, אַז איינס טאָג, ווען עס האָט זיך גע־עפנט דער יידישער וועלט־קאָנגרעס אין זשענעווע, איז איינס אָפּיציאָז פון דער פוילישער רעגירונג „גאזעטא פּאָלסקא“, ווי אויך אין אַנדערע סאַ־נאַטאָרישע צייטונגען, דערשינען אַן אַרטיקל פונם „פּאָליפּ“ („פּאָלסקא אינפאָרמאַציאַ פּראַסאָווא“ — ביולעטין פון פוילישן אויסערן - מיניס־טעריום), געווידמעט ספּעציעל דער דערעפענונג פונם יידישן וועלט־קאָנגרעס.

דער דאָזיקער אַרטיקל האָט געגעבן אַ שטיקל אַנאַליז פון דער עקאָ־נאָמישער סיטואַציע פון די יידישע מאַסן אין פוילן, האָט אָנגעוויזן אויפן איבער־געגנוג באַקאַנטן פאַקט, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז קאָנצענ־טרירט אין האַנדל און אין מלאכה, האָט אונטער־געשטראָכן, אַז אין די דאָזיקע יידישע ווירטשאַפטס־צווייגן איז פאַראַן אַן איבערפלוס פון מענטשן און אַז דעריבער שטייט פאַר די יידישע מאַסן אין פוילן זייער האַרב די פראַגע וועגן אומשיכטונג און פּראָדוקטיוויזירונג.

דער אויספיר, וואָס די „פּאָלסקאַ אינפאָרמאַציאַ פּראַסאָווא“ האָט געמאַכט פון די אַלע געדאַנקען, איז געווען פולשטענדיק אין באַקאַנטן נייסט פון דער „קולטורעל“־אַנטיסעמיטישער סאַנאַציע, — נעמלאַך: זאָל דער יידישער וועלט־קאָנגרעס, וואָס קומט זיך יעצט צונויף אין זשענעווע, אָפּלאָזן מיטן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, זאָלן די יידן אויפהערן ענדלאַך מיט זייערע ענדלאָזע פּראָטעסטן קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק. זאָלן זיי בעסער זוכן טעריטאָריעס, וואוהין מ׳זאָל קענען אַריבערפירן דעם „איבערפלוס“ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן און וואו מ׳זאָל זיי קאָנען פּראָדוקטיוויזירן און איבערשיכטן . . .

ווי ס׳איז לייכט צו זען פון דעם אַלעם, האָבן די „ספּעצן“ פון דער יידן־פראַגע אין פוילישן אויסערן - מיניסטעריום דורכגעמאַכט אַ ניש־קשה׳דיקע שולע. זיי האָבן עפּעס טועם געווען פון די פאָרשונגען איבער דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידישע מאַסן אין פוילן, וואָס זיינען גע־מאַכט געוואָרן דורך יידישע געלערנטע און עקאָנאָמיסטן. קאָנצענטרירונג פון די יידן אין האַנדל און מלאכה, דער איבערפלוס פון דער צאָל מענטשן אין די ביידע ווירטשאַפטס־צווייגן, די נויטווענדיקייט פון אַריבערפירן זיי צו אַנדערע פאַכן, צו פּראָדוקטיוויזירן און איבערשיכטן זיי — דאָס אַלץ איז דאָך, ווי עס שטייט און גייט, גענומען געוואָרן פונם ערשטן

בעסטן אַרטיקל איבער דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן. אלא וואָס דען? דאָס אַלץ, וואָס די יידישע עקאָנאָמיסטן האָבן אויסגעפאָרשט און פעסטגעשטעלט, בכדי צו העלפן די יידישע מאַסן אין פוילן און בכדי אויסצוגעפינען די מיטלען און די וועגן, מיט וועלכע מ׳קאָן און מ׳דאַרף זיי העלפן — דאָס אַלץ האָבן די ניי־געבאַקענע „ספעצן,״ אויף דער יידישער עקאָנאָמיק פון בעק׳ס חדר באַנוצט, כדי — צו אַרבעטן קעגן יידן, בכדי זיי משלח צו זיין פונם לאַנד, וואו זיי זיינען געבוירן געוואָרן און וואו זיי לעבן זייט פיל הונדערטער יאָרן, וואו פיל דורות פון זייערע עלטערן און אורעלטערן האָבן אינוועסטירט זייער פראַצע, די קראַפט פון זייערע מוסקולן און דעם מאַרך פון זייערע מוחות און וואו זיי קעמפן, זייט יאָרן, צוזאַמען מיט די אַרבעטנדיקע און ליידנדיקע פוילישע מאַסן פאַר אַ בעסערן לעבן און צוקונפט.

מיר דערמאָנען דעם דאָזיקן באמת אויסטערלישן פאַקט און מיר האָבן זיך ספעציעל אָפגעשטעלט אויפן אַרטיקל, מיט וועלכן דער ביולעטין פון דאַמאָלסטיקן פויליישן אויסערן־מיניסטעריום האָט, אַזוי־צו־זאָגן, מקבל־פנים געווען דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס אין זשטנעווע, נישט נאָר צוליב דעם, וואָס שפעטער האָבן סיי בעק, סיי אַנדערע פוילישע פאַרשטייער אינם פעלקער־בונד געפאָדערט, מיט די אַרגומענטן פונם דערמאָנטן אַרטיקל, טעריטאָריעס, וואוהין משלח צו זיין דעם „איבערפלוס״ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, — נאָר אויך צוליב דעם, וואָס נאָכן יעצטיקן קריג וועלן די פראַגן פון פראָדוקטיוויזירונג און איבערשיכטונג שטיין אויסערגעוויינלאַך שאַרף פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן. די היטלעריסטישע מאַכט האָט פאַריאָגט די יידישע באַפעלקערונג פון פיל שטעט און שטעטלאַך אין לאַנד, זי האָט זיי צונויפגעטריבן אין הונדערט־טויזנטער אין געטאָס און האָט זיי אָפגעשיידט פון דער איבעריקער באַפעלקערונג, זי האָט זיי באַזייטיקט פון זייערע ווירטשאַפטלאַכע פאָזיציעס און דורכדעם פאַרמשפט אויף כסדר׳דיקע פרנסה׳לאָזיקייט און אַרבעטסלאָזיקייט. די מנובל׳דיקע אָקופּאַנטישע מאַכט פירט אויך ווייטער אַדורך די אַרבעט פון דעקלאַסירן און פויפעריזירן די יידישע מאַסן אין פוילן. עס וועט דעריבער לגמרי נישט זיין קיין חידוש, ווען אין דעם נאָכ׳מלחמה׳דיקן פוילן וועט פאַרן גרעסטן טייל יידן שטיין די פראַגע,

ווי אזוי זיך צו פראָדוקטיוויזירן, אָדער דורך צוריק באַקומען די פאַרלוירע־נע א ל ט ע ווירטשאַפטלאַכע פּאָזיציעס אין די געגנטן, פונוואַנען מ'האָט זיי פאַרטריבן, אָדער — און אפשר טאַקע פיל מער — דורך אַריינ־גיין אין נ י י ע צווייגן פון דער ווירטשאַפט. די מלוכה־מאַכט וועט אַלזאָ דאַרפן זאָרגן נים נאָר פאַר גלייכבארעכטיקונג פאַר די יידישע מאַסן, נאָר פאַר באַזאָרגן זיי מיט אַרבעט, מיט נייע באַשעפטיקונגען קרידיטן, וכד.

מיר שטעלן זיך אַלזאָ פאָר, וואָס פאַר אַן איבעראַשונג עס וועט אַרויסרופן ביי די יוזשוויאַק'ס און זייערס גלייכן, וועלכע האַלטן בכלל ניט וועגן גלייכע רעכט פאַר יידן, ווען מ'וועט נאָך קומען צו זיי מיט דער פאָדערונג, אַז די מלוכה זאָל העלפן א י ב ע ר ש י כ ט ן און פראָדוק־טיוויזירן די יידישע מאַסן. די מער „קולטורעלע" אַנטיסעמיטן וועלן נאָך אפשר פועל'ן ביי זיך מסכים צו זיין אויף פּאָליטישער גלייכבארעכטיקונג פון די יידישע מאַסן. אָבער אַז עס וועט קומען צו גרעסערע און ממשות'דיקע פאָדערונגען, ווי די איבערשיכטונג פון די דעקלאַסירטע און פאַראָרימטע יידישע מאַסן, איז נאָרניט אויסגעשלאָסן, אַז ביי זיי זאָל דערוואַכן דער אויבן־געבראַכטער גערענקען־גאַנג פונם „פּאָליפּ": יאָ, יידן קאָנען זיין גלייכבארעכטיקט אין פוילן, אָבער — אַריבערגיין צו נייע פראָפעסיעס און נייע ווירטשאַפטס־צווייגן, דאָס דאַרפן די יידן טון ער־גיץ אַנדערש־וואו, אין לענדער מעבר־לים, אָבער ניט אין דער אָרימער, אַגראַרער פוילן, וואָס האָט נאָך דערצו אַן „איבערפלוס" פון מיליאָנען פויערים. פאַר דעם צוועק זיינען מיר, פּאָליאַקן, אַפילו גרייט צו געבן אונ־זער גרעסטע און בעסטע הילף, צו זוכן טעריטאָריעס, שיקן עקספּעדיציעס, מרעיש־עולם זיין די אינטערנאַציאָנאַלע וועלט, מיטאַרבעטען מיט די יידישע אָרגאַניזאַציעס פאַר עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע א. אַז. וו.

דאַרף טאַקע פאָרויס דערקלערט ווערן, אַז מיר אָנערקענען ניט אַ „גלייכבארעכטיקונג" פון יידן, וואָס ענדיקט זיך ביי די פראַגן פון פּראָדוק־טיוויזירונג און איבערשיכטונג און מיר האַלטן אויך ניט פון אַזאַ מין „אהבת ישראל", וואָס וועט זיך אויסדריקן אין העלפן יידן אויסוואַנדערן אין אַנדערע לענדער אַפילו ווען די „ספּאָנסאָרן" פון דער דאָזיקער אויס־וואַנדערונג וועלן — ווי זיי טענה'ן — עס טון, ניט, חלילה, לשם אַנטי־

סעמיטיזם, נאָר כדי צו העלפן די יידן אין דער ברענענדיקער אויפגאבע פון פראָדוקטיוויזירונג און איבערשיכטונג.

דאַרף מען נאָך דערווייזן, אַז גלייכבארעכטיקונג, אמת'ע, ווירקלאַכע און ממשות'דיקע גלייכבארעכטיקונג פון יידן, און ניט די ריין־פּאָרמעלע, פּאפּירענע, לפנים'דיקע, הייסט, אַז יידן האָבן די זעלבע רעכט ניט נאָר צו לעבן, עסן און אָטעמען אין פּוילן, נאָר אויך אַריבערצוגיין דאָרטן אין אַנדערע פאכן און צו אַנדערע פּראָפעסיעס? און אויב דער יידישער האנדל איז געווען איבערפולט און יעצט זיינען די יידישע סוחרים און הענדלער דעקלאַסירט, אויב די יידישע מלאכה האָט געליטן פון צופיל בעלי־מלאכה און יעצט זיינען די יידישע האַנטווערקער בכלל דעקלאַסירט, — דאַן איז די אויפגאַבע פון דער מלוכה צו זאָרגן וועגן איבערשיכטן יידישע הענדלער און האַנטווערקער, פּונקט ווי זי זאָרגט (צי דאַרף זאָרגן) וועגן דער איבערשיכטונג פון איבערפלוס פון פּויערים און די אַנדערע ווירטשאַפט־לאַכע טיילן פון דער פּ ו י ל י ש ע ר באַפעלקערונג. די „סאַנאַציע“ בשעתה האָט כסדר גע'רעש'ט וועגן גרויסן באַפעלקערונגס־איבערפלוס אין פּוילישן דאָרף, וואו ס'זיינען דאָ איבעריקע 8—6 מיליאָן ארבעטס־הענט. זי האָט ניט געהאַט דעם מוט צו אָנערקענען, אַז דער דאָזיקער איבער־פלוס איז אַ רעזולטאַט פון דער ניט־דורכגעפירטער אגראַר־רעפאָרם אין פּוילן, האָט אָבער די „סאַנאַציע“ ווען־עס־איז גע'עצה'ט דעם דאָזיקן פּויערישן איבערפלוס צו איבערשיכטן, צו פּראָדוקטיוויזירן זיך דורך אויסוואַנדערן אין אַנדערע לענדער? האָט זי געוואָנט אפילו אַ פּיפּס צו טון וועגן זוכן פאַרן דאָזיקן איבערפלוס קאָלאָניעס, צי איינוואַנדערונגס־טעריטאָריעס?

געוויס ניט. די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע סאַנאַציע און די גאַנצע פּוילישע בורזשואַזיע האָבן בכלל דעם גאַנצן פּויערים־פּראָבלעם פון פּוילן געוואָלט לעזן אויפן חשבון פון יידן. די גאַנצע עוואַקואַציע־פּאָליטיק פון „אָזאָן“ לגבי די יידן האָט זיך סוף־כל־סוף גענומען פון דעם, וואָס די הערשנדיקע רעאַקציאָנערע קלאַסן אין לאַנד האָבן געוואָלט אַרי־בערפירן דעם פּויערישן איבערפלוס פון די דערפער אין די שטעטלאַך און שטעט, וואו ער זאָל פאַרנעמען דעם פּלאַץ און די ווירטשאַפטלאַכע פּאָזיציעס פון די י י ד ן.

דאַרף טאַקע דאַריבער באַטאָנט ווערן, אַז אָט דעם אויבן־דערמאָנטן

שטאַנדפּונקט בנוגע דער פּראָדוקטיוויזירונג פון די יידן — האָבן די יידישע מאַסן באַטראַכט, און וועלן אויך ווייטער באַטראַכטן, אַלס ברוך פון דער גלייכבאַרעכטיקונג און אַלס אַטענטאַט אויף זייערע עלעמענטאַרע רעכט ניט נאָר צו קענען לעבן, נאָר אויך צו קאָנען זיך אַנטוויקלען אין לאַנד, פּונקט ווי דאָס איז באַשערט אַלע איבעריקע טיילן פון זיין באַפעלקערונג. אין באַפרייטן פּוילן — גלויבן פיל — וועלן אַנטשטיין נייע און אפילו גרויסע ווירטשאַפטלאַכע מעגלאַכקייטן. דאָס לאַנד וועט דאַרפן ווערן אינדוסטריאַליזירט און, פּונקט ווי די דאָרפישע באַפעלקערונג וועט זיך פּראָדוקטיוויזירן און איבערשיכטן אין די נייע אויפבוי־פּראָצעסן אין לאַנד, קאָן עס און ד א ר ף געשען אויך מיטן איבערפלוס פון די יידישע הענט אין דער מלאכה און אין האַנדל. גלייכע רעכט פאַר יידן איז גלייכע רעכט אומעטום, אין אַלע געביטן פון לעבן און אויך אויפן געביט פון קריגן נייע באַשעפטיקונגען און פּרנסות, ד. ה. אויפן געביט פון פּראָדוקטיוויזירונג און איבערשיכטונג, און קיין שום בר־דעת וועט ניט פאַרשטיין אַ „גלייכבאַרעכטיקונג“ פאַר יידן, וואָס איז גילטיק נאָר אויף אַלטע פּראָפעסיעס און פּרנסות און וואָס איז נ י ט ה ל אויף אַלע נייע, מעגלאַכע ווירטשאַפטס־צווייגן, וואָס וועלן געעפנט ווערן אָדער אַנטוויקלט ווערן אינם נייעם פּוילן. יעדע מין דיסקרימינאַציע אויף דעם געביט, יעדער פּרוב צו פאַרשליסן די יידן אינם אָרעמען, איבערבאַפעלקערטן, ווירטשאַפטלעכן געטאָ, וואוהין די הערשנדיקע קלאַסן און גרופּן האָבן זיי במשך פון די פאַרגאַנגענע דורות פאַרטריבן און אויך אָפּגעשלאָסן — וועט דאַרפן ווידער קוואַליפיצירט ווערן, אַלס דיסקרימינאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג אויפן ווירטשאַפטלאַכן געביט, וואָס עס איז ווידעראַרום אַ ברוך פון דער אמת'ער און ווירקלאַכער גלייכבאַרעכטיקונג.

## די עמיגראַציע־פראַגע

אין דער ווייטערדיקער באַטראַכטונג פון דער פראַגע קומען מיר צו דעם ענין פון ע מ י ג ר א צ י ע.

דאָ שטויסן מיר, ציוניסטן־סאָציאַליסטן, זיך אָן אויף די באַקאַנטע טענות פון „בונד“. פיל בונדיסטן וואַרפן אונז גיפטיק פאָר, אַז — „ס'טייטש, וואָס ווילט איר? איר, ציוניסטן, איר, ציוניסטן־סאָציאַליסטן,

שטייט דאָך פּי־ווי־סיי אויפן שטאַנדפּונקט פון עמיגראַציע, — טאָ דאַרפט איר דאָך זיין צופרידן פונם עמיגראַציאָניסטישן פּראָגראַם פון דער סאַנאַציע, צי פון אַנדערע פּוילישע אַנטיסעמיטן! עס איז דאָך וואַסער אויף אייערע מיל־שטיינער, עס איז דאָך ווינט אין אייערע זעגלען א.א.וו."

מיט דער דאָזיקער אָפּשטויסנדיקער, דעמאַגאָגישער קאַמפּאַניע מצד די בונדיסטן איז אונז שוין ניט איינמאָל זיך אויסגעקומען צו פאַרנעמען. די יעניקע, וואָס האָבן, ליידער, זייער דעמאַגאָגישע אַרבעט נאָך אַלץ ניט אָפּגעשטעלט, דאַרף געזאָגט ווערן, אַז רעדן אַזוי ווי זיי — הייסט דאָס זעלבע, ווי צו זאָגן, אַז זיי, בונדיסטן, דאַרפן זיין צופרידן פונם זיג פון פאַשיזם אין איטאַליע און פון היטלעריזם אין דייטשלאַנד און פון שפּעטערדיקן טריאומפאַלן מאַרש פון היטלער־פאַשיזם איבער גאַנץ אייראָפּע. וואָרום אויף וויפיל דער פאַשיזם און היטלעריזם פאַרערגערן די לאַגע פון די אַרבעטער־מאַסן, פאַרשקלאַפן דאָס גאַנצע פאָלק און פירן אים צום אָפּגרונט — דאַרפן דאָך די בונדיסטן, אַלס סאָציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, זיין צופרידן, היות די שווידערלאַכע אַנטרעכטונג און פאַרשקלאַפונג פון די אַרבעטער, דאָס פאַראורטיילן זיי צו דער לאַגע פון קנעכט, דאָס אונטערדריקן זיי אויפן שרעקלאַכסטן אופן — דאָס איז דאָך וואַסער אויף די מיל־שטיינער פון דער קינפטיקער רעוואָלוציע, דאָס איז דאָך ווינט אין די זעגלען פון דער פאָרשטייענדיקער סאָציאַלער איבערקערעניש א. אז. וו. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט פון „וואָס ערגער, אַלץ בעסער" איז אַגב, ווי באַקאַנט, בשעתו טאַקע אָנגענומען געוואָרן דורך דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, וועלכע באַדויערט אים געוויס יעצט, בעת'ן שרעקלאַכן אָנגריף פון די נאַצי־האָרדעס אויף רוסלאַנד.

טראָץ דעם, וואָס אָביעקטיוו קאָן אפשר (געוויס אָבער ניט: מוז) דער היטלער־פאַשיזם מיט זיינע צרות און אומגליקן, מיט דער בלוט־באָד, וואָס ער האָט אַרויסגערופן, שאַפן תנאים פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן אויפברויז פון די מאַסן, — וועט אָבער קיינער ניט באַשולדיקן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, אַז זי האָט זיך געפרייט, ווען מוסאָליני איז געקומען צו דער מאַכט אין רוים, אָדער ווען היטלער האָט דעראָבערט די מאַכט אין דייטשלאַנד. פאַרקערט, די ביידע דאָזיקע געשעענישן זיינען באַטראַכט געוואָרן, אַלס דער גרעסטער אומגליק, דורך די סאָציאַליסטן פון איטאַליע און דייטשלאַנד (ווי אויך אין גאָר דער וועלט), וועלכע האָבן מיט אַלע

כוחות געזען צו דעם ניט צו דערלאָזן, האַלטנדיק, אַז וואָס ערגער, איז טאַקע — ערגער...

און וואָס שייך ספּעציעל די בונדיסטן, קאָן געבראַכט ווערן פּאַלגנדי־קער ביישפּיל: דער „בונד" שטייט, ווי באַקאַנט, אויפן שטאַנדפּונקט פון קולטורעלער אויטאָנאָמיע פאַר די יידן אין פּוילן. צו דעם צוועק אונטער־שטיצט ער דעם יידישן שול־וועזן, בויט נייע שולן א. ד. גל. דער גרעס־טער טייל יידישע יוגנט איז אָבער, ליידער, ניט געגאַנגען אין די יידישע, נאָר אין פּוילישע שולן, און אויף דער יידישער גאַס אין פּוילן איז אָנגע־גאַנגען אַ שטאַרקער פּראָצעס פון שפּראַכלאַכער אַסימילאַציע, פון פּאָלאָניזאַציע.

יעצט אָבער האָט די אָקופּאַנטישע היטלעריסטישע מאַכט אָפּגעטיילט די יידישע באַפעלקערונג פון דער פּוילישער און האָט אַ גרויסן טייל יידן בכלל אָפּגעשלאָסן אין געטאָס. צוליב די דאָזיקע אַלע גזירות קאָן מען דערוואַרטן, אַז ספּעציעל אין די געטאָס, וואו עס זיינען פאַרשלאָסן פיל הונדערטער טויזנטער יידן, וועט דער אַסימילירונגס - פּראָצעס שטאַרק פאַרהאַלטן ווערן און ס'וועט זיכער טאָרמאָזירט ווערן דער פּאָלאָניזירונגס־פּראָצעס צווישן די יידישע מאַסן. עס איז בכלל צו דערוואַרטן, אַז די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די היטלעריסטישע אָקופּאַנטן, זייער בסדר'דיקער רשעות'דיקער דרוק אויף דער גאַנצער יידישער באַ־פעלקערונג, וועט שטאַרקן צווישן איר דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און ענערגיע און וועט טרייבן אויך די נאַנץ־און האַלב־אַסימילירטע יידן, וואָס זיינען יעצט ביגוואַלט אַריבערגעפּלאַנצט געוואָרן אין די געטאָס, צו דער־נענטערן זיך מער צו דער יידישער האָרעפּאַשנער מאַסע, און אפשר אויך צו באַהעפטן זיך מיט איר שפּראַך און קולטור. איינגעשלאָסן אין געטאָ, קאָנען יעצט ניט די דאָזיקע עלעמענטן געניסן פון דער פּוילישער קול־טור, פון די פּוילישע טעאַטערן, פאָרלעזונגען, קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען (אויף וויפיל זיי זיינען נאָך בכלל פאַרבליבן) און זיי מוזן — ווילנדיק, ניט ווילנדיק — ווערן קאָנסומענטן פון די קולטור־אינסטיטוציעס פונם געטאָ, פון יידישע טעאַטערן, יידישע פאָרלעזונגען און קולטור־פאַראַנשטאַלטונגען, אויף וויפיל די מאַכט דערלויבט עס צו האָבן דער קולטור־אויטאָנאָמיע פון די געטאָס. עס זיינען שוין געווען ידיעות אין דער פרעסע וועגן „בום" אויף יידישע טעאַטערן אין וואַרשעווער גע־

טאָ, און ס'וועט לגמרי ניט זיין קיין איבערראַשונג, אויב אין יידישן שול-וועזן, און בכלל אין גאַנצן יידישן קולטור־לעבן, אויף וויפיל ער איז נאָך מעגלאַך, וועט קומען צו אַן אויפלעבונג און עליה, דורך וואָס דאָס פריער־דיקע יידישע קולטור־לעבן וואָלט געקאָנט באַקומען אַ גרעסערן און שטאַר־קערן אינהאַלט, ווי אויך אַ שטאַרקערן און פעסטערן באָדן הינטער זיך.

רעדנדיק מיטן בונדישן דעמאַגאָגישן זשאַרגאָן, וואָלט מען אַלזאָ יעצט געקאָנט איבער'חזר'ן בנוגע דעם „בונד" דאָס זעלבע, וואָס ער זאָגט בנוגע ציוניסטן, — נעמלאַך, אַז די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון די היטלעריסטן איז סוף־כל־סוף אויף דער האַנט די בונדיסטן, דען די יידישע קולטור ווערט דורך דעם געשיצט פון דער אַסימילירנדיקער השפּעה פון דער פּוילישער גאַס, אַז דער קולטור־לעבן פון די יידישע מאַסן וועט דורך דעם ווערן געשטאַרקט, אַז דער היטלעריזם צווינגט צו מקרב זיין זיך נענ־טער צום יידישן מאַסן־לעבן א.אז.וו.—הכלל, דער היטלעריסטישער אַנטי־סעמיטיזם איז, פּאַראַפּראַזירנדיק די בונדישע דעמאַגאָגן, וואַסער אויף די מיל שטיינער פון בונדישן קולטור-אויטאָנאָמיזם און ווינט פאַר זייּ־נע זעגלען...

דער דאָזיקער געבראַכטער דורך אונז און לאָגישער געדאַנקען־גאַנג איז נאָר אַ באַווייז, ווי אַבסורדאַל און דעמאַגאָגיש עס איז די גאַנצע בונ־דישע קריטיק פונם ציוניסטישן פּראָגראַם. דער אונטערשייד צווישן די בונדיסטישע און ציוניסטישע פאָדערונגען אויפן נאַציאָנאַלן געביט איז אַ קוואַנטיטאַטיווער און ניט קיין קוואַליטאַטיווער. ביידע פאָדערן אויטאָ־נאָמיע פאַר די יידישע מאַסן. אָבער בעת „בונד" באַגניגנט זיך בלויז מיט נאַציאָנאַל - ק ו ל ט ו ר ע ל ע ר אויטאָנאָמיע, ווילן די ציוניסטן אין אַלע זייערע שאַטירונגען דערגרייכן אַ העכערע, אַ פולקאָמענערע, אַ זיכערערע פאָרם פונם נאַציאָנאַלן צוזאַמענלעבן, די אידעאַלע פאָרם פון ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל ע ר אויטאָנאָמיע פאַר די יידן, דורך שאַפן אַ יידישן מערהייטס־צענטער אין ארץ־ישראל, סיי די פאָדערונג פון בונד, סיי די פאָדערונג פון די ציוניסטן זיינען נאַציאָנאַל־עקסקלוזיווע. אָבער נאָר פּראַ־אָדמ'ס און פינצטערע דעמאַגאָגן קענען באַהויפּטן, אַז דעריבער דאַר־פן זיי זיך ווינטשן דיסקרימינאַציע־פּראָצעסן לגבי יידן. פונקט פאַרקערט! זיי זיינען קאַטעגאָריש קעגן דעם, ווייל דאָס באַדייט אויסראָטונג און פאַר־טיליקונג פון די יידישע מאַסן און ווייל דאָס איז אַ ברוך פונם עיקר־פּרינ־

ציפ פון דער יידישער פּאָליטיק וועגן גלייכע רעכט און מעגלאכקייטן פאַר יידן. א דעגראַדירונג פון די יידן דורך זייער  א נ ט ר ע כ ט ו נ ג.

אין ציוניסטישן פּראָגראַם איז דאָ א שטעלונג און באַציאונג צום עמיגראַציע־פּראָבלעם פון די יידישע מאַסן. אָבער ווער ווייסט עס ניט, אַז עמיגראַציע איז אַ דערשיינונג ניט בלויז פון יידישן לעבן? איז דען ניט באַקאַנט, אַז עמיגראַציע איז אַ נאַטירלאכע, אויב ניט דער נאַטיר־לאַכסטער פּראָדוקט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג און איז אַ דירעק־טער רעזולטאַט פון דערווירטשאַפטלאַכער פּלאַנלאָזיקייט און פון דער אַנאַרכיע, וואָס הערשט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וואו די ווירט־שאַפט ווערט אָנגעפירט ניט אין די אינטערעסן און נויטן פון דער באַפעל־קערונג, נאָר לויטן איינזען און רווחים־זוכעריי פון די קאַפּיטאַליסטן און אונטערנעמער? אַז די דאָזיקע אַנאַרכיע פאַרשאַפט אַ שטענדיקע אַרמיי פון אַרבעטסלאָזע, דעקלאַסירט די מיטל־שיכטן און ברענגט זיי צו פּרנסה׳לאָ-זיקייט!? ווען אָט דער „נאָרמאַלער“ פּראָצעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג טרעפט אָן אויף ווירטשאַפטלאַך־שוואַכערע עלעמענטן פון דער באַפעלקערונג, וואָס זיינען, צוליב היסטאָרישע אָדער ווירטשאַפטלאַכע סיבות, געשטעלט געוואָרן אין אַן ערגערער לאַגע, ווי די אַנדערע טיילן פון לאַנד, — מאַכט דער קאַפּיטאַליזם אָן צווישן די דאָזיקע, שוואַכערע עלעמענטן נאָך אַ גרעסערן חורבן און ברענגט צווישן זיי צו אַ גרעסערער עמיגראַציע־נויט און צו אַ שטאַרקערער אויסוואַנדערונג, אָבער דער קאַפּי־טאַליזם, אַלס ריין־ווירטשאַפטלאַכע סיסטעם, ווייס ניט פון קיין נאַציאָנאַ־לע, צי ראַסן־אונטערשיידן און די עמיגראַציע־נויט פאַראורזאַכט ער — אפשר אין אַ פאַרשידענער גרויס — אָבער ביי אַלע טיילן פון דער באַפעל־קערונג. ריכטיק האָט באַמערקט ה' סטאַנטשיק אין זיין לעצטער רעדע אין לאָנדאָן, אַז „וואָלטן געווען (פאַרן קריג) לענדער אָן איינוואַנדערונגס־באַגרענצונגען, וואָלטן פרייוויליק עמיגרירט פון פּוילן ניט נאָר יידן, נאָר אויך פּאָליאַקן, וואָס האָבן ניט געפונען אין לאַנד קיין באַשעפטיקונג און ניט געהאַט קיין געזיכערטע עקזיסטענץ-מיטלען“.

ווען די אַנטיסעמיטן רעדן אָבער וועגן דער עמיגראַציע פון די יידי־שע מאַסן, ווען זיי ווילן „עוואַקואירן“, טראַכטן זיי, פאַרשטייט זיך, לגמרי ניט וועגן דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג און אירע אומגליקן. די אַנטיסעמיטישע עלעמענטן געהערן דווקא צו די טרייסטע און פאַרברענט־

פּטע אַנהענגער פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג און זעען אין איר ניט קיין שום אומגליקן. זיי וואָלטן נאָר געוואָלט אַזוי קירעווען דעם ווירט־שאַפטלאַכן לעבן, אַז דער קאַפּיטאַליזם מיט זיינע צרות זאָל זיך אָנזעצן דווקא אויף דער יידישער באַפעלקערונג, און טאָמער עפּנט שוין דער קאַפּיטאַליזם יאָ נייע ווירטשאַפטלאַכע, צי אַרבעטס־מעגלאַכקייטן אין לאַנד, זאָלן די יידן פון דעם אַמווייניקסטן געניסן. אַזוי איז געווען, כידוע, די פּאָליטיק פון „אָזאָן“ אין פּוילן, וועלכער האָט גע׳רודפ׳ט די יידן אויפן ווירטשאַפטלאַכן געביט און האָט די ברענענדיקע אַגראַר־פּראָבלעם פון פּוי־לן געוואָלט לעזן אויפן חשבון פון די יידן, פאַר וועלכע בעק מיט זיינע משרתים זיינען געלאָפן קיין זשענעווע זוכן טעריטאָריעס צום אויסוואַנדערן.

דאַרף מען נאָך איבער׳חזר׳ן, אַז די יידן וועלן אַזאַ שטאַנדפּונקט פון עפּעס אַ ספּעציעל־יידישער עמיגראַציע קיינמאָל ניט אָננעמען? דאַרף מען נאָך אונטערשטרייכן, אַז גלייכבאַרעכטיקונג, אמת׳ע, ממשות׳דיקע, ווירקלאַכע גלייכבאַרעכטיקונג אין קינפטיקן נייעם פּוילן דאַרף באַדייטן, אַז די יידישע מאַסן האָבן פּונקט אַזוי פיל רעכט אויסצולעבן זיך אין פּוילן און אויך צו שיצן זיך קעגן דעם עמיגראַציע־דרוק, פּונקט ווי די אַנ־דערע, ניט־יידישע טיילן פון לאַנד.

## וואָס וועט זיין אויף מאָרגן נאָכן קריג?

מיר לעבן יעצט אין סאַמע קאָך און ברען פון קריג. קיינער קאָן ניט באַרויסזען, ווען ער וועט זיך ענדיקן און וויפיל קרבנות די ליידנדיקע מענטשהייט וועט נאָך דאַרפן ברענגען, כדי צו באַפרייען זיך פונם קאָש־מאַר פון היטלעראַ־פאַשיזם. קיינער קען אויך ניט פאָרויסזאָגן, ווי אַזוי עס וועט אויסזען דער „מאָרגן נאָכן קריג“ אין פיל לענדער, און בתוכם אויך אין פּוילן. מ׳ווייסט נאָר, אַז דער יעצטיקער, דער טאָטאַלער קריג האָט חרוב געמאַכט די א י נ ע ר ל א כ ע טיילן פון די אָנגעגריפענע לענדער ניט ווייניקער און אפשר פיל־פיל מער פאַרן אייגנטלאַכן פראָנט. דער טאָטאַלער קריג האָט דאָך סוף־כל־סוף די באַטרעפנדע לענדער גופא פאַרוואַנדלט אין אַ פראָנט. מיר וועלן דעריבער האָבן נאָכן קריג אין אייראָפּע אונטערגעגאַנגענע שטעט און ישובים, הרוב־געוואָרענע פאַבריקן

און וואָרשטאַטן און פֿאַרוויסטע פֿעלדער, אין אַ מאָס, וואָס אייראָפּע האָט עס נאָך קיינמאָל ניט געזען און ניט געהאַט.

וועט דעריבער אין די דאָזיקע לענדער באַלד נאָכן קריג אַנטשטיין די פֿראַגע פֿון אויפֿבוי. פֿאַר פּוילן, וואָס איז אַן אַגראַר־לאַנד מיט אַ גרויסן איבער־פֿלוס פֿון דער דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג, וועט אַנשטיין די פֿראַגע פֿון אַגראַר־רעפֿאָרם און פֿון אינדוסטריאַליזאַציע. די פּוילישע מלוכה־מענער רעדן שוין וועגן אויסברייטערן די אַלטע אינדוסטריען, דעם פֿאַרקערס־וועזן, דעם אינערלעכן מאַרק, דעם עקספּאָרט נאָך אויסלאַנד א. אַז. וו. עס וועלן זיך, אַלזאָ, עפֿענען נייע אַרבעטס־מעגלעכקייטן, נייע געביטן פֿאַר באַשעפֿטיקונג, פֿאַר אומשיכטונג א. ד. גל.

מ׳קאָן זיך אָבער פֿאָרשטעלן, אַז דער חורבן און די גוואַלטיקע נויט, וואָס די מלחמה האָט געבראַכט אין פּוילן, וועט דאָרטן אַרויסרופֿן אויך אַן עמיגראַציע־דראַנג. מלחמות האָבן שטענדיק געבראַכט נאָך זיך אויס־וואַנדערונגען פֿון טיילן פֿון דער געליטענער באַפֿעלקערונג אין אַנדערע, רואיקערע אוןווירטשאַפֿטלאַך־שטאַרקערע לענדער. אַזוי איז געווען אין פּוילן נאָכן קריג פֿון 18 — 1914, און אַזוי וועט אויך זיין — און אין אַ פֿיל גרעסערן מאַסשטאַב — נאָכן יעצטיקן קריג מיט זיינע אומגעהייערע פֿאַרוויסטונגען.

די קינפֿטיקע מלוכה־מאַכט אין פּוילן וועט אַלזאָ האָבן צו טון מיט צווייערליי פּראָצעסן: מיט אַ פּראָצעס פֿונם אויסבויען דאָס לאַנד, וועל־כער וועט שאַפֿן נייע און גרויסע אַרבעטס־מעגלעכקייטן און וועט אַזוי־אַרום מיטהעלפֿן צו פֿאַרהאַלטן די אַזוי־פֿיל־געליטענע באַפֿעלקערונג אינם לאַנד און לאָזן זי אויסוואַנדערן. פֿון דער אַנדערער זייט וועט דאָ געווים ווירקן, ווי נאָך יעדן גרויסן אַדורכגעמאַכטן קאַטאַקליזם, אַ באַשטימטער דראַנג פֿון אויסוואַנדערונג צווישן דער באַפֿעלקערונג און באַמיאונגען צו זוכן אַרבעטס־און־באַשעפֿטיקונגס־מעגלעכקייטן מ ח ו ץ פּוילן.

עס איז דאָך אָבער קלאָר פֿאַר אַלעמען, אַז די קינפֿטיקע רעגירונג פֿונם נייעם, ווידעראויפֿגעריכטן פּוילן וועט זיך אָריענטירן אויפֿן ע ר ש ט ן פּראָצעס און וועט טון אַלץ, וואָס עס וועט זיין אין איר מעגלעכקייטן, כּדי צו פֿאַרהאַלטן די באַפֿעלקערונג און כּדי צו שאַפֿן פֿאַר איר געהעריקע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. דרינגט פֿון דעם אַרויס, אַז דאָס אַלץ, וואָס עס וועט געטון ווערן פֿאַר פּאַליאַקן, כּדי איינצוהאַלטן זיי אין לאַנד, כּדי

צו שטאַרקן זיי עקאָנאָמיש, כדי אויפצוריכטן זייערע אַלטע פּאָזיציעס אָדער באַשעפטיקן זיי אין די נייע אויפבוי־אַרבעטן, — דאַרף אויך געטון ווערן פאַר די יידן. צו קיין שום דיסקרימינאַציע־אַרבעט בנוגע זיי אין די ניי־אַנטשטאַנענע ווירטשאַפטס־מעגלאַכקייטן טאָר ניט דערלאָזן ווערן. וואָרום אַזאַ מין דיסקרימינאַציע, ווי ס׳איז פאַרשטענדלאַך, שטייט אין אַ בולט׳ער סתירה צו דעם פּרינציפּ פון אמת׳ער גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן.

מיר ווייסן וועגן דער אויסראָטונגס־קאַמפּאַניע פון די היטלעריסטן אינם אָקופּירטן פּוילן, דאָס צוזאַמענשלעפּן די יידן אין געטאָס נאָכן פאַר־טרייבן זיי פון פיל שטעט און שטעטלאַך, דאָס באַזייטיקן זיי דורכדעם פון אַ ריי זייערע ווירטשאַפטלאַכע פּאָזיציעס — דאָס אַלץ וועט זיכער גורם זיין צו אַ שטאַרקערער עמיגראַציע־שטימונג צווישן די יידן, ווי צווי־שן דער ניט־יידישער באַפעלקערונג אין פּוילן. וועט אָבער זיין די אויפ־גאַבע פון דער קינפטיקער רעגירונג אין לאַנד צורעכטצומאַכן די אַלע עוולות און שאָדנס, וואָס דער גרויזאַמער אָקופּאַנט האָט פאַרשאַפט די יידישע מאַסן אין לאַנד, צוריקצוגעבן זיי דעם קאָנפיסקירטן און צוגע־רויבטן האָב־און־גוטס, דערמעגלאַכן זיי צוריקצוקערן זיך פון די געטאָס אין זייערע פריערדיקע וואוין־ערטער, העלפן זיי דאָרטן אויפשטעלן זייע־רע חרובע ווירטשאַפטן און צוריק אריין אינם עקאָנאָמישן לעבן פון די באַטרעפנדיקע געביטן. מיט איין וואָרט, — די נייע רעגירונג אין לאַנד וועט דאַרפן באַזייטיקן די אַלע סיבות, וואָס האָבן געבראַכט צו אַ באַ־זונדער גרויסער פאַרוויסטונג אינם יידישן לעבן אין לאַנד און וואָס קאָנען אַזוי־אַרום זיין דער גורם פון אַ קאַטאַסטראָפאַלער עמיגראַציע־נויט צווי־שן דער יידישער באַפעלקערונג. אויך פּאָליאַקן זיינען דאָך פאַרטריבן געוואָרן פון געוויסע געגנטן אין פּוילן, ווי פון דעם אַמאָליקן פּרייסישן „זאַבאָר״, לאָדזשער געגנט, דעם אַזוי־גערופענעם „קאָרידאָר״ און אַנדערע געביטן, וואָס היטלער האָט אָנגעשלאָסן צום „רייך״. און אַלץ, וואָס עס וועט געטון ווערן, כדי צו היילן די וואונדן פון אָט די פּאָליאַקן, וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט ספּעציעלע ליידן און צרות, דאַרף אויך געטון ווערן, כדי צו היילן די וואונדן פון דער יידישער באַפעלקערונג פון לאַנד, וועל־כער ס׳קומט יעצט אויס אַדורכצוגיין אונטערן באַרבאַרישן, מערדערישן אָקופּאַנט באמת שבעה מדורי גיהנום.

מיר, ציוניסטן־סאָציאַליסטן, שטייען, ווי באַקאַנט, אויפן שטאַנד־

פונקט פון שאַפן אַן אויטאָנאָמען זעלבסטשטענדיקן יידישן מלוכה־צענטער אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער צענטער ווערט שוין יעצט געשאַפן און וועט שפּעטער, נאָכן קריג, נאָכמער אויסגעבויט און אויסגעברייטערט ווערן ביז צו זיין פולשטענדיקער רעאַליזירונג און פאַרפולקאָמונג, דורך יידישע אַרבעטס־מענטשן, וואָס קאָנען זיך ניט אויסלעבן אין די אַזוי־גערופענע „גלות“־באַדינגונגען, דאָס הייסט אין די לעבנס־באַדינגונגען פון אַ צעזייטער און צעשפּרייטער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, וואָס אין די לענדער פון רעאַקציע און פאַשיזם ווערט זי פיזיש אויסגעראָטן און ביסלאַכווייז פאַרטיליקט און אין די לענדער פון אמת'ער פרייהייט און דעמאָקראַטיע דראָט איר אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלער אונטערגאַנג. מיר באַטראַכטן אָט דעם דאָזיקן, שוין זיך שאַפנדיקן פרייען יידישן ארבעטס־צענטער אין ארץ־ישראל, אַלס די בעסטע, און אין נאַציאָנאַלער הינזיכט זיכערסטע, אַלס די א י ד ע אַ ל ס ט ע פאָרם פון יידישן לעבן און נאַציאָנאַל־יידישער עקזיסטענץ און זי וועלן מיר בויען מיט אַלע אונזערע כוחות און ענערגיע.

אָבער דאָס הייסט ניט, אַז מיר זאָגן זיך אָפּ פון איינהאַלטן, אָדער אַז מיר וועלן רעדלויבן צו פאַרטיליקן, די יידישע ישובים אין די לענדער, וואו זיי עקזיסטירן זייט דורות און וואו זיי האָבן אַ באָדן פאַר ווייטערדיקער עקזיסטענץ און אויך פאַר אַ געוויסער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג. די ווידעראויפריכטונג פונם זעלבסטשטענדיקן פוילן אין 1918 האָט לגמרי ניט באַדייט אַן עקזאָדוס פון די מיליאָנען פאָליאַקן פון די פוילישע ישובים אין אַמעריקע, רוסלאַנד, דייטשלאַנד, צי ליטע. און אַוודאַי האָבן זיי ניט געוואונטשן, אַז מען זאָל, מיט צוואַנג, מיט דיסקרימינאַציע, גזירות און רדיפות, נויטן זיי אויסצואַוואַנדערן אין זייער זעלבסטשטענדיק־געוואָרענעם היימלאַנד.

דאָס זעלבסטשטענדיקע פוילן איז געוואָרן פאַר די פוילישע מינדערהייטן אַ מעכטיקער, אומדערשעפּלאַכער מקור, פונוואַנען זיי קאָנען ציען כסדר די גייסטיקע יניקה און מוט פאַר איינהאַלטן זייער קיום, אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די שאַפונג פונם זעלבסטשטענדיקן יידישן צענטער אין ארץ־ישראל, פונם יידן־שטאַט, וועט אַוועקשטעלן די איבעריקע יידישע ישובים אין דער זעלבער לאַגע פון צעזייטע מיעוטים לגבי איין געזונטן נאַציאָנאַלן צענטער, אין וועלכן עס געפינען זיך די צעזייטע פוילישע

מיעוטים לגבי דעם זעלבסטשטענדיקן פוילן. דאס שאפן דעם יידן־שטאט אין ארץ־ישראל דארף אלזא מיט גארנישט אנדירן דעם פאליטישן סטא־טוס און די מעגלאכקייטן פון די יידן אין אנדערע לענדער און בתוכם אויך אין פוילן — פונקט ווי דאס זעלבסטשטענדיק־געווארענע פוילן האט ניט פאראורזאכט קיין פארלעצונג פון די רעכט און די פאזיציעס פון די פאליאקן מחוץ פוילן. .

די עמיגראציע, אדער ריכטיקער געזאגט,, די ע ל י ה פון די יידישע מאסן קיין ארץ־ישראל, וועלכע בילדעט אוים דעם יידן־שטאט, איז, פארשטייט זיך, נאר אן א י נ ע ר ל א כ ע יידישע פראגע, וועלכע דארף ניט אנגיין קיין שום אויסערלאכע און געוויס ניט, יידן־פיינטלאכע פאקטארן. מיט דער דאזיקער עליה האבן זיי גארניט וואס צו פארבינדן און אויף איך האבן זיי נישט וואס צו בויען, ווארום זי געהערט צום זעלבן פראצעס פונם נאציאנאלן קאמף פון יידישן פאלק פאר זיין אויפהאלטונג, ווייטערדיקע אנטוויקלונג און באפרייאונג, צו וועלכן עס געהערט דער קאמף פון די פוילישע יידן קעגן אנטיסע־מיטיזם און פאר ווירקלאכער און ממשות׳דיקער גלייכבארעכטיקונג.

די יידישע מאסן אין פוילן האבן קיינמאל ניט געפאדערט און פאר־דערן אויך יעצט ניט באזונדערע רעכט און פריווילעגיעס. זיי האבן נאר געוואלט און ווילן אויך יעצט, אז זיי זאלן באהאנדלט ווערן פונקט אזוי, ווי עס ווערן באהאנדלט די איבעריקע טיילן פון דער באפעלקערונג. אינם קינפטיקן פוילן, וואס וועט, ווי מיר און ווי די גאנצע וועלט האפט, זיין באתמ א נייע פוילן, סיי לויט איר מלוכה־ארדנונג און דער עיקר, לויט דער באציאונג צו אלע אירע בירגער און צו זייערע נויטן און פאדערונגען, — דארפן די יידן געניסן פון גלייכע רעכט, ווי פאליאקן, ד. ה. פאר די יידן דארף געטון און געזארגט ווערן, ווי פאר אלעמען אין לאנד, — ניט מער, א ב ע ר א ו י ך נ י ט ו ו י י נ י ק ע ר .

# פאַרוואָס שווייגט מען?

פון

ל. שטשופּאַקעוויטש

יעדן פרימאָרגן, ווען מיר לייענען אין דער יידישער פּרעסע די טרויעריקע רובריקן „יידישע נייעס“, ווערט צעריסן דאָס האַרץ פון ווייטיק איבערן גורל פון די מיליאָנען ברידער אונזערע אונטער דער הערשאַפט פון די היטלער־גזלנים. די ידיעות, וואָס זיינען אָבער דערהאַלטן געוואָרן פון פּוילן אין די לעצטע וואָכן, מאַכן פּשוט פאַרגליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן, לאָזן אונז נישט רוען, פּאָדערן פון אונז דרינגענד אַן ענטפער.

אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער אָפיציעלער טערקישער טעלעגראַפן־אַגענטור האָט באַזוכט די וואַרשעווער געטאָ און ער האָט באַריכטעט וועגן דער לאַגע פון די יידן אין געטאָ, וואָס עס שטייגט אַריבער אַלץ, וואָס איז ביז איצט באַריכטעט געוואָרן. ער שרייבט, אַז די יידן קומען אום פון הונגער און ענגשאַפט, פון אומסאַניטאַרע באַדינגונגען און פון אַלגעמיינע נאַצישע פאַרפאָלגונגען. דער קאָרעספּאָנדענט גיט צו, אַז אין אַלע זיינע רייזעס איבער דער מלחמה־צעשטערטער אייראָפּע, האָט ער נישט געזען אַזאַ האַרצרייסנדיקע עלנט, ווי ער האָט געטראָפן אין דער וואַרשעווער יידישער געטאָ. אָט זיינען אַ פּאָר שוידערלאַכע ציפערן וועגן מורא'דיקן וואוקס פון דער שטערבלאַכקייט: אין אַפּריל זיינען געשטאָרבן אין וואַר־

שעווער געטאָ 2438 פּערזאָן; אין מאַי — 4881; אין יוני — 6000. אין די דריי חדשים זיינען געשטאָרבן 13.319 פּערזאָן. געבוירן זיינען גע־וואָרן במשך די דריי חדשים 1208, דער עודף פון די געשטאָרבענע אי־בער ניי־געבוירענע באַטרעפט 12.111. אין נאָרמאַלע צייטן פלעגן שטאַרבן פון 12 ביז 14 פּערזאָן אַ טאָג. דאָס וואָלט געהייסן פון 13 ביז 14 הונדערט פּערזאָן פאַר די דריי חדשים, און איצט איז די שטערבלאַכ־קייט געוועזן: אין אַפּריל 75 אַ טאָג, אין מאַי איבער 150 און אין יוני דערגרייכט ער שוין צו 200 אַ טאָג, ד. ה. מיט 12 טויזנט געשטאָרבענע מער אין דריי חדשים.

פאַר דער מלחמה האָבן געוואוינט אין גאַנץ וואַרשע בערך 330 טויזנט יידן, און היינט לעבן אין געטאָ, אויפן אָרט, וואו ס'האָבן פריער געוואוינט 200 טויזנט — 500 טויזנט יידן. 30 פּראָצענט הייזער זיינען בעת דער מלחמה אין וואַרשע פאַרניכטעט געוואָרן; די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג וואוינט היינט אין 1440 הייזער, נאָענט צו 350 פּערזאָן אין אַ הויז. לויט דער פאָלקס־ציילונג אין 1931, האָבן געוואוינט אין וואַר־שע 1.179.000 פּערזאָן אין 24.800 הייזער, ד. ה. בערך 50 פּערזאָן אין אַ הויז, וואָס מיינט, אַז די יידישע באַפעלקערונג אין וואַרשעווער געטאָ איז 7 מאָל געדיכטער באַוואוינט, ווי פאַר דער מלחמה. נאָך פיל ערגער זיי־נען די וואוינונגס־באַדינגונגען אין לאָדזש, לובלין און אין אַנדערע קלע־נערע געטאָ־שטעט.

צענדליקער טויזנטער היימלאָזע, צווישן זיי טויזנטער קינדער, וואוינען אין באַראַקן, וואו זיי האָבן נאָר שלאָף־פּלעצער. אַ גאַנצן טאָג מוזן זיי זיך וואַלגערן אויף דער גאַס. ווינטער וועט מען אין אַזעלכע באַראַקן איינגאַנצן געפרוירן ווערן.

ביי אַ האַלבן מיליאָן קינדער ביזן עלטער פון 16 יאָר ליידן אין פּוילן גיהנום־יסורים פון אונטערדערנערונג; נאָר אין וואַרשעווער געטאָ איז פאַראַן 70 טויזנט קינדער.

אין די זומער־חדשים איז געוועזן אַ כוואַליע פון קראַנקע אויף שווינדזוכט און פלעקן־טיפוס. אַלע שפּיטעלער אין דעם יידישן געטאָ זיינען געוועזן געפּאַקט. 22 פּראָצענט פון אַלע דערוואַקסענע קראַנקע און 24 פּראָצענט פון קראַנקע קינדער און יוגנטלאַכע זיינען געשטאָרבן אין די שפּיטעלער, ד. ה. יעדער פערטער קראַנקער אין שפּיטאָל איז געשטאָרבן.

א דייטשע מעדיצינישע קאָנטראָל, וועלכע האָט קוואַליפיצירט יידישע מענער צוו צוואַנגס־ארבעט, האָט פעסטגעשטעלט, אַז קרוב 50 פּראָצענט מענער אין ארבעטס־עלטער זיינען אומפּייאיק צו פיזישער ארבעט.

די יידישע פירער אין שווייץ האָבן דערהאַלטן האַרצרייסנדע אפּעלס פון פּוילישע יידן, אַז הונדערטער טויזנטער יידן אין די געטאָס וועלן שטאַרבן פון הונגער, אויב מען וועט נישט אָננעמען דרינגענד קיין מיט־לען זיי צו העלפן. אין די זומער־מאָנאַטן קריגט מען נאָך אביסל גרינס און פּרוכט, אָבער מיטן אָנקומען פון ווינטער, ווען קיין פּרוכט און גרינס וועלן מער נישט זיין, דראָט א געפאַר, אַז הונדערטער טויזנטער זאָלן בוכשטעבלאַך אויסשטאַרבן פון הונגער.

די צאָל יידן אין געטאָ ווערט כסדר פאַרגרעסערט מיט נייע צענדלי־קער טויזנטער היימלאָזע. די נאַצים טראַנספּאָרטירן מיט געוואַלט די יידישע באַפעלקערונג פון א סך שטעט און וואַרפן זיי אריין אין די פון־פריער איבערפולטע געטאָס.

אַלע שפּייז־זאַפּאַסן אין געטאָ האָבן זיך אויסגעלאָזט. די פּרייזן אין יידישן געטאָ זיינען געוואַלטיק געשטיגן, ווייל מען לאָזט נישט צו קיין אריינפיר פון שפּייז אין יידישן געטאָ. די געלט־פאָנדן ביי די קהילות האָבן זיך אויסגעשעפּט דורך די שווערע געלט־קאָנטריבוציעס, וואָס די דייטשע מאַכט האָט אויף זיי ארויפגעלייגט. עס דראָט הונגער־טויט.

די נאַצישע פירער זאָגן אָפן: מיר וועלן די יידן אויסראָטן מיטן וואָרצל, זיי וועלן פאַרשווינדן א דאַנק הונגער און נויט. די פּאָליאַקן וועלן אונז דאַנקבאַר זיין דערפאַר, וואָס מיר האָבן זיי באַפרייט פון די יידן.

די נאַצישע „קראַקאָוער צייטונג" שרייבט: דער יידישער בית־עולם אין וואַרשע איז איבערפולט, ער קען מער קיין מתים נישט אריינגעמען. די נאַצישע מאַכט האָט דעריבער באַשלאָסן איינצואָרדנען אין דער וואַר־שעווער געטאָ א קרעמאַטאָריום, וואו מען וועט די יידישע טויטע קערפּערס פאַרברענען, ווי אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אין די צענדליקער און הונדערטער בריוו, וועלכע ווערן דערהאַלטן פון קרובים, פריינט און באַקאַנטע, איז דאָ איין אינהאַלט: מיר גייען אויס פון הונגער, די קראַנקע שטאַרבן אויס אין די שפּיטעלער, נישטאָ קיין מילך, נישטאָ קיין צוקער און נישטאָ קיין רפואות; ראַטעוועט אונז פון הונגער־טויט, שיקט אונז שפּייז, צוקער, מילך. לאָזט אונז נישט אויס־

גיין. די שפייז־פּאָרציעס פאַר יידן זיינען איין פערטל פון די, וואָס די דייטשן אין פּוילן באַקומען; איין העלפט פון דעם, וואָס די פּאָ־ליאַקן באַקומען. דייטשן באַקומען 240 גראַם אַ טאָג, פּאָליאַקן — 120, יידן — 60, ד. ה. 1 פונט ברויט אויף 7 טעג. פאַר אריינשמוגלען שפּייז אַ חוץ די נאָרמעס אין יידישן געטאָ פאַראורטיילט מען צו טויט־שטראָף. דאָס פאַרקלענערן די פּאָרציעס פאַר יידן איז מיט אַ בפירוש'ער כוונה צו פאַרניכטן די יידישע באַפעלקערונג. אויב דער מצב זאָל אַזוי דויערן, און די מלחמה זאָל זיך פאַרציען, וועט הינטער די מויערן פון די געטאָס אויסשטאַרבן די יידישע באַפעלקערונג פון פּוילן.

צי קענען מיר שווייגן איבער דעם אַלעמען, צי קענען מיר זיין גלייכגילטיק איבער דעם געראַנגל פון לעבן און טויט פונם 3־מיליאָניקן יידישן קיבוץ, צי קען מען רויק און שטילשווייגנד איבערלאָזן זייערע לעבנס און זייער גורל אין די הענט פון די גרויזאַמע היטלער־מערדער?

200 אַ טאָג, 6.000 טויטע אַ חודש, נאָר אין וואַרשעווער געטאָ.— לאָמיר זיך פאָרשטעלן דעם שוידערלאַכן בילד פון אָט די ציפער. 200 יידן שטאַרבן אויס יעדן טאָג. נישט אין אַ קאַמף אויפן שלאַכט־פעלד, נישט געטראָפן פון אַ באָמבע, פון אַ שראַפּנעל, נאָר בּיסלאַכווייז. יעדן טאָג אַ טריט נענטער צום טויט, יעדע שעה גייען אויס ביסלאַכווייז די כוחות. דאָס לעבן פון די מענטשן ווערט אַזוי־אַרום פּאַמעלאַך, לאַנגזאַם אויסגעלאָשן. צי קען מען זיך פאָרשטעלן די טראַגישע לאַגע פאַר די נאָך לעבן־געבליבענע?

הונגער, שמוץ, קראַנקהייט, אין די פינצטערע געטאָס, מיט די געלע לאַטעס, הינטער די אָפּגעשלאָסענע טויערן — איז דער שיקזאַל פון אונ־זערע מיליאָנען אומגליקלאַכע ברידער. צי קענען מיר, צי מעגן מיר דאָ זיין רואיק, ווען אונזערע ברידער ראַנגלען זיך פאַר אַן אונץ ברויט, פאַר אַ לעפעלע מילך פאַר די קראַנקע קינדער? וואו איז דאָס גרויסע געשריי, וואָס זאָל אויפשטורמען די וועלט, וואָס זאָל אויפרייסן די הערצער, וואָס זאָל אויפוועקן די מענטשן מיט אַ מענטשלאַכן פונק אין האַרצן, צו רעטונג, צו גרויסער הילף? וואו זיינען די דעמאָקראַטישע פעלקער, פאַרוואָס שווייגן זיי און זעען גלייכגילטיק צו די אויסראָטונג פון אַ פיל־מיליאָניקן יידישן קבוץ?

איז דאָך אַפילו אין צייטן פון בלוטיקע מלחמות אויך פאַראַן גע־

זעצן, וועלכע צוזימען און רעגולירן דעם בלוטיקן קאמף, עס זיינען דאך דאָ געזעצן, וואָס אָרדנען, ווי זיך אויפצופירן מיט געפאַנגענע, וואָס באַגרעניצן דעם שונא זיך צו איזדיעקעווען אפילו אויף די, וועלכע האָבן געכטן מיטן ביקס אין האנט געקעמפט קעגן אים. צי וואָלט דאָס ענגלישע פאָלק דערלאָזט, אַז אירע קריגס־געפאַנגענע זאָלן אומגעבראַכט ווערן דורך הונגער? פאַרוואָס הויבן מיר נישט אויף קיין שטורם־פּראָטעסט, קעגן באַשטימען די טויט-פאַרציעס פון 1 פונט ברויט אַ וואָך פאַר מיליאָנען יידן אין פוילישן געטאָ?

פאַרוואָס לאָזן מיר אין אַזאַ הפקר־צושטאַנד אונזערע מיליאָנען ברידער? פאַרוואָס זיינען מיר אזוי שטיל? פאַרוואָס פאָדערן מיר נישט פון די דעמאָקראַטישע מלוכות אַ קעגן־אַקציע? פאַרוואָס שטורמען מיר נישט די וועלט, די, וואָס האָבן נאָך הארץ און געוויסן, אַז זיי זאָלן דערהערן אונזער שטים פון ווייטיק און צער, זאָלן דערהערן די שטים פון בלוט און טרערן, פון אונזערע צענדליקער טויזנטער געפּייניקטע מאַרטירער אין די געטאָס און אין די תפיסות?

לייִדער, הערשט דאָ, אין דער יידישער געזעלשאַפט אין אַמעריקע, צופיל זעלישע רו און זעלבסטצופרידנקייט. ס'איז נישטאָ קיין סימן פון אויפברויז, פון שטורם און צאָרן קעגן די בלוטיקע מערדער פון אונזערע אומגליקלאַכע ברידער. די יידישע אַמעריקע, לייִדער, רעאַגירט נישט געהעריג אויף דעם גרויסן פאָלקס־אומגליק. די רואיקע שטילקייט דאָ איז ממש ביז צו פאַרצווייפלען. די הילף, וואָס ווערט געגעבן פאַר די יידן אין פוילישן געטאָ, איז שרעקלאַך ווייניק, ס'איז ממש לעכערלאַך. עס איז אויך נישט צו באַגרייפן די אידילישע רואיקייט פון דעם יידישן ציבור אין אַמעריקע, אויף דער נייער כוואַליע פון יידן־רדיפות אין פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער.

וואו איז געוועזן דער מעכטיקער פּראָטעסט קעגן די בלוט־און מאָרד־אָנפאַלן פון די רומענישע רוצחים, מאַדיאַרישע מערדער, פון די פאַרקויפטע היטלער־קנעכט אין סלאָוואַקיע, קראָאַטיע, פראַנקרייך א. אַנד.? פאַרוואָס האָט מען נישט געבראַכט צום אויסדרוק אונזער שאַרפסטן פּראָטעסט און צאָרן קעגן דער גרויזאַמער שחיטה אויף די 500 יידן אין יאסי? קעגן די אומ׳ברחמנות׳דיקע רדיפות, וואָס אונגאַרן פירט לעצטנס דורך אויף די יידן? זיינען דאָך אין וואַשינגטאָן פאַראַן אַמבאַסאַדעס און קאָנ־

כוילן פון די בלוטיקע רוצחי'שע רעגירונגען; א פראטעסט־שטורם אין אמעריקע וואלט אפשר געצוימט די ווילדקייטן פון די אויסוואורפן אויף וועלט!

אין דעם רעאקציאנערן, האלב־פאשיסטישן פוילן פלעגט דאס פויליש יידנטום רעאגירן, פראטעסטירן, רופן פראטעסט־פארזאמלונגען, פראטעסט־שטרייקן קעגן רדיפות, טראץ אלע סכנות, מיט וועלכע אזעלכע אקציעס זיינען געווען פארבונדן. פארוואס רעאגירט נישט דער יידישער קיבוץ אין דער פרייער אמעריקע אויף די שוידערלאכע רציחות? דאס אריבערגיין איבער אט־די אלע שוידערלאכע בלוט־טאטן מיט שטילשווייגן שאפט דאך ביי די רוצחים אן איינדרוק, אז ס'איז אין ארדנונג, אז קיינער באטראכט גארנישט זייערע בארבארישע טאטן פאר קיין פארברעכן. דאס אמעריקאנער יידנטום איז דאך איצט דער איינציקער פאליטישער אמבאסאדאר פון יידישן פאלק, פארוואס שווייגט ער?

מען האט געדארפט אויפקלערן די רעגירונגען פון וואשינגטאן און לאנדאן, אז דא האנדלט זיך וועגן א קלארן פארניכטונגס־ציל כלפי דעם יידישן פאלק, וועמען היטלער־באנדיטן האבן אויסגעוויילט פארן ערשטן קרבן. מען דארף פון זיי פאדערן, נישט צו לאזן אויף הפקר, שוצלאז די אומגליקלאכע יידישע מאסן.

צו קיין שום אנדער פאלק אין אלע, דורכן דייטש אקופירטע טעריטאריעס, באציען זיך נישט אזוי אכזריות'דיק די היטלער־באנדעס, ווי צום יידישן. די יידן מוזן דעריבער באקומען ספעציעלע הילף, די רעגירונגען מוזן פון זייערע מיטלען געבן די הילף פאר דער רעטונגס־אקציע. דער אמעריקאנער „רויטער קרייץ" דארף באזארגן מילך און פעטס פארן האלבן מיליאן קינדער און יוגנטלאכע, רפואות פאר די קראנקע, ערגענצונגס־שפייז פאר די דערוואקסענע, ווייל מיט 1 פונט טרוקן ברויט א וואך וועלן די מענטשן נישט אויסהאלטן.

און מיר! מיר אליין מוזן מאכן ריזיקע אנשטרענגונגען, מיר מוזן ברענגען די גרעסטע קרבנות פאר דער פיזישער רעטונג פון אונזערע מיליאנען ברידער אין איראפע. מיר לעבן דאך אין א צייט, ווען פון יעדן פאלק ווערן געפאדערט גרויסע אנשטרענגונגען און מאביליזאציע פון מאקסימום מיטלען. דאס יידישע פאלק האט אממערסטן געליטן פון

קריג, דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון אייראָפּעאישן יידנטום איז צערויבט און פאַרניכטעט געוואָרן, זיין כוח איז צעבראָכן געוואָרן. ס'איז געבליבן כמעט נאָר דאָס אמעריקאַנער יידנטום, וועלכעס קען, דאַרף און מוז מיט אַלע כוחות ראַטעווען דאָס מיט בלוט - אָפּגייענדיקע יידישע פאָלק פון אייראָפּע.

ביז גאָר טראַגיש־שמערצלאַך איז דער פּ אַ ק ט , וואָס אין אַט־דער טראַגישער לאַגע האָבן אַ רייע יחידים און אינסטיטוציעס ביי אונז באַטראַכט דאָס שיקן אַ שפּייז־פּעקל צו ראַטעווען אַ יידישע פאַמיליע פון הונגער־טויט — פאַר אַ פאַרברעכן, ווייל דאָס קען זיין אַ שטערונג פאַר דער ענגלישער בלאָקאַדע־פּאָליטיק. זיי האָבן לגמרי פאַרגעסן, אַז דאָס יידישע מאַסן־אויסשטאַרבן פון הונגער איז דער גרעסטער טריאומף פון די היטלער־באַנדיטן, ווייל יידן זיינען זייער שונא נומער איינס. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז די דאָזיקע הילף איז אַ פראַגע פון ראַטעווען דאָס לעבן פון צענדליקער, הונדערטער טויזנטער יידן, וועלכע ראַנגלען זיך אויפן שוועל פון אומקום.

מיר קענען און טאָרן בשום אופן נישט מסכים זיין צו קיין גזעיץ, וועלכער וועט אַוועקנעמען אַ מעגלאַכקייט פון רעטונג פון הונגער־טויט פאַר טויזנטער יידן. סאיז נישטאָ קיין מאָראַלישער יסוד, פאַר אַזאַ אוממאָראַלישן גזעיץ.

מען דאַרף אויך געדיינקען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן דער פאַרניכ־טונג פונם קעמפערישן, שעפערישן, נאַציאָנאַל־פולבלוטיקן פּוילישן יידנ־טום, וועלכעס איז געווען דער הויט־השדרה פון גאַנצן יידישן פאָלק, וועל־כעס האָט — טראָץ זיין ביטער־שווערע לאַגע, טראָץ די גזירות און פאַר־פאָלגונגען מצד די אַנטיסעמיטישע פּוילישע רעגירונגען — ניט געבויגן דעם קאָפּ, ניט אויפגעגעבן זיין קאַמף פאַר זיינע פּאָליטישע און בירגער־לאַכע רעכט, שטאָלץ געטראָגן די פאָן פון קאַמף פאַר יידישער נאַציאָנאַ־לער און סאָציאַלער באַפרייאונג, געפירט גלייכצייטיק דעם קאַמף פאַר רעכט און דעמאָקראַטיע אין לאַנד און דערצויגן אַ וואונדערבאַרע אַרמיי פון צענדליקער טויזנטער חלוצים, אויף אויפצובויען אַ יידיש היימלאַנד פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק אין ארץ־ישראל. און אויך היינט, טראָץ די שוידערלאַכע געטאָ־באַדינגונגען, האָט עס ניט רעזיגנירט פון קאַמף, זיך

גיט מייאש געווען פון דער הצפנונג אויף באפרייאונג און דערלייזונג.

אויך היינט ווערט דאַרט געפירט אַ גרויסע אונטערערדישע אַרבעט, אַ גרויסע ציוניסטישע דערציערישע אַרבעט. די חלוצישע באַוועגונג, די פּאַרטיי-יוגנט און אַנדערע יוגנט־באַוועגונגען פירן אָן אַ זייער אינטענסיווע, לעבעדיקע אַרבעט, די חלוצישע באַוועגונג פירט אויך אַ גרויסע קאָנסטרוקטיווע אַרבעט. דאָס פּוילישע יידנטום איז גייסטיק און מאָראַליש נישט געבראָכן, נאָר דער הונגער קען אים לילה ברעכן. מיר טאָרן דערצו נישט דערלאָזן, מיר מוזן זיי ראַטעווען.

די פּועלי ציון - צעירי ציון־פּאַרטיי אין אַמעריקע, די פּאַרטיי פון די יידישע אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן, די פּאַרטיי פון קאַמף פאַר יידישע פרייהייט און דערלייזונג אין גאַר דער וועלט, דאַרף זיין די ערשטע אָנצופירן די גרויסע, הייליקע רעטונגס־אַרבעט. דער יידישער וועלט־קאָנגרעס, דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס, דער אַרבעטער־קאָמיטעט דאַרפן רופן און מאָביליזירן די יידישע אַמעיקע, אַלע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן, צו גרויסע מעשים, צו וואַכזאַמקייט און קאַמף. די טויזנטער פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע דאַרפן די ערשטע געבן זייער גרויסע הילף פאַר די אומגליקלאַכע ברידער זייערע. אונזער באַוועגונג אין אַמעריקע דאַרף דערמעגלעכן אונזערע חברים מאַרטירער אין פּוילן פאָרצוזעצן זייער גרויסע העראָישע מסירת-נפש'דיקע אַרבעט. די ליידער זייער, זייער באַשיידענע הילף, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום גיט, דורך דעם „דזשאָינט", פאַר דער יידישער געטאָ אין פּוילן, דאַרף צענפאַכיק פאַרגרעסערט ווערן!

נישט מיט קיין קליינע נדבות קען מען איצט ראַטעווען די יידן אין היטלער־גיהנום. ס'זיינען נויטיק גרויסע, באַדייטנדע באַשטייערונגען פון אלע יידן אין אַמעריקע. עס האַנדלט זיך דאָך וועגן פּקוח נפשות פון אַ פאָלק, פון מיליאָנען יידן. מען מוז באַגרייפן די גרויסע טראַגעדיע, כדי צו וויסן, וואָס זיינען די פליכטן פון דער יידישער אַמעריקע אין דער איצטיקער טראַגישער שעה.

קיינמאָל האָט נאָך די אומנאָרמאַלע לאַגע פון יידישן פאָלק נישט אָנגענומען אַזאַ שרעקלאַך־טראַגישן אויסזען, ווי אין די צוויי בלוטיקע קריגס־יאָרן. קיינמאָל האָט דאָס יידישע אומגליק נישט אָנגענומען אַזאַ

שוידערלאך־בלוטיקן כאראקטער, אין אינטערנאציאנאלן מאסשטאב, ווי איצט. מיר קענען און טארן נישט זיצן איצט מיט פאַרלייגטע הענט, ווארטן אויף נסים, ווארטן ביז אנדערע וועלן די יידן אויסלייזן, ביז אנ־דערע וועלן זיי העלפן, מיר מוזן אליין זיין די שטורמער, די וועקער און מאנער, אליין פאָדערן און אליין געבן די גרעסטע, מאקסימאלסטע פי־נאנסיעלע און פאליטישע הילף פאַרן גרויסן אומגליקלאַכן יידישן צבור און פוילן און אין גאַנץ אייראפע.

# פון התלהבות צו פאַרווירקלאַכונג

(פוילישע יידן אין ארץ־ישראל)

פ ו ן

**י. רעמינסקי**

## 1. פוילן עפנט די דריטע עליה

1918—1919. מזרח־אייראָפּע בלוטיקט אין די לעצטע ספּאזמען פון דער ע ר ש ט ע ר וועלט-מלחמה. אין פּוילן, וואָס שטייט אויף צו אַ נייער תקופה פון זעלבסטשטענדיקייט, גייט אָן אַ כסדר'דיקער געראַנגל צווישן ליכט און שאָטן, צווישן פרילינג פון באַפרייאונגס־לעבן, און רויב און געוואַלט־אַקטן פון צעיושעטע קנעכט־מחנות...

אין שפּעטע הערבסט־טעג פון אָקטאָבער 1918 גייען אַרויס אין וועג בחורים און מיידלעך פון פּויליש־יידישע נעסטן, לאַנג־קאַפּאָטניקעס און ח ל ו צ י ם , גימנאַזיסטן אין אָפּגעבליאַקעוועטע אוניפאָרם־מאַנטלען און פשוט'ע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, לערער און יונגע אַרבעטער, וואָס האָבן אָקאָרשט פאַרזוכט דעם ערשטן טעם פון אייגן גרינס פון אַ יונגן חלוץ־גאָרטן, צעירי־ציונ'יקעס, וואָס האָבן ביז איצט געפּריידיקט דעם לאָזונג פון אַ שלימות'דיקן לעבן און אליין־אַרבעט אין ארץ־ישראל, קעמפנדיק צוגלייך פאַר רעכט פאַר די יידישע מאַסן אין פּוילן... מען גייט צופוס קיין ארץ־ישראל. ד י ע ר ש ט ע — נאָך פאַרן סוף פונם ערשטן וועלט־קריג — גייט אַרויס זאַגלעמביע, אין אַ קאַלטן חשוון־טאָג גייט מען

זוכן דעם וועג צום יידישן היימלאַנד, כדי צו פאַרבינדן דורך אַ בונד פון עליה און אַרבעט דאָס מיליאָניקע פּויליש̈ע יידנטום מיט ארץ־ישראל.

ז ע ק ס ה ד ש י ם אונטערוועגס — אָרימקייט, איינזאַמקייט, פרעמדקייט מצד יידן און באַוואונדערונג מצד ניט־יידן...

איבער גאָרער יידיש וועלט — אין גאַליציע, אוקראַינע, רוסלאַנד און אויך אויף די באַלקאַנען טראָגט זיך אַ ווידער־קול פון עולה־רגל זיין. און פון רומעניע און רוסלאַנד רירן זיך די ע ר ש ט ע ג י י ע ר קיין ארץ־ישראל (יאַנואַר 1919).

און אין חודש אָדר ב' — ניסן תרע"ט קומען צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל די ערשטע פון דער ד ר י ט ע ר ע ל י ה — די בענדינער 105! עס איז געווען דאָנערשטיק — דערציילט די דאַמאָלטיקע פּרעסע — אַ דאַמף־שיפל וואַקלט זיך אין דעם יפו'ער ים, אויפן מאַסטבוים הויבט זיך לאַנגזאַם אויף און צעפלאַטערט זיך אַ ווייס־בלויע פאָן. דאָס איז די ערשטע פאָן פון דער דריטער עליה, פון חלוצישן אויפשטורם, פון אַנטשיידענעם היים־בוי, וואָס די 105 בענדינער חלוצים האָבן אין זייער האַלב־יאָרקין וואַנדערונג אָפּגעהיט.

ציוניזם פון עליה ציוניזם פון אַליינפאַרווירקלאַכונג, פון בויען אינם סאַמע ברען פון מיטינגען, פון התלהבות אַרום דער באַלפור־דעקלאַראַציע דאָס איז דער ממשות'דיקער ביישטייער פון דעם עכט־יידישן און חסידישן פּוילן ביי דער נעילה פונם ערשטן וועלט־קריג. עולה־רגל זיין אין יאָר תרע"ט איז געווען אפשר „נישט לאָגיש", „מסוכנ'דיק", — אָבער דאָס איז געווען און געוואָרן דער באַגינען פון חלוצישן טאַט, פון דער יידישער מ אַ ס ן ־ ר ע וו אָ ל ו צ י ע אויפן וועג צו זיך.

## 2. דער אויפברויז פון עליה־ציוניזם

וואָכעדיק זיינען שבת ־ יום־טוב'דיקע ר י י ד און שבת ־ יום־טוב'דיקע זיינען וואָכעדיקע מ ע ש י ם, וואָס באַגלייטן אונזער תקופה פון פ אַ ר וו י ר ק ל אַ כ ו נ ג, וועלכע ברויזט אין די טיפענישן פון יידישן לעבן אין פּוילן.

ט ו י ז נ ט ס אָ צ י אַ ל י ס ט ן — טיף־גלויבנדע, הויך־באַוואוסטזיניקע און שיין־רעדנדיקע זיינען ניט ווערט איינעם, וועלכער

רעאליזירט די אמת'ע גלייכקייט און סאָציאַלן יושר אין ים פון אומגלייכקייט צווישן מענטש און מענטש, פאָלק און פעלקער.

טויזנטער ציוניסטן — הויך־שטייגנדע און טיף־פילנדע, וואָס בענקען מיטן גאנצן האַרצן נאָך דער שעה פון דער גאולה, זיינען נאָר ציוניסטישע שאָטנס, ווען עס גייט זיי ניט פאָרויס דער דור פון הגשמה, פון פאַרווירקלאכטן ציוניזם, דורך מיין עליה, דורך מיין אייגענער אַרבעט...

דאָס זיינען געווען די טיפע אמת'ן און דער נשמה־סטימול פון דער דריטער עליה.

דאָס יאָר 1919, — אין רוסלאַנד, אין רומעניע, אין פוילן, אין די באַלטישע מלוכות אנטשטייען אָרגאַניזירטע צענטערן פאַר עליה קיין ארץ־ישראל. דאָס וואָרט עליה איז נאָך פרעמד און ווייט. בטלנים, וואָס גיבן זיך אַרויס פאַר פּראַקטישע פאַרזאָרגער פון פאָלק, צי פון אַר־בעטער־קלאַס, שפּאָטן פון דעם „החלוץ עובר לפני המחנה" און פון „מאַסן־עליה" קיין ארץ־ישראל. „חלומות פון בעלי־בית'ישע קינדער", — זאָגן וואָגיקע יידישע סאָציאַליסטן. „קינדערייען" — וואָרענען ציוניסטן, וואָס ווילן ארץ־ישראל און גלויבן אין באַלפור'ן און אין קאָנגרעס־ציוניזם.

אָבער די יידישע יוגנט איז אַוועק אויפן אייגענעם וועג פון עליה, פון לויטערן זיך אין הכשרה, פון שווערע נסיונות, כדי זוכה צו זיין און צו ווערן נישט קיין עמיגראַנט, נאָר אַן עולה... און פוילן ווערט דער גרעסטער מאָטאָר־כוח פון ציוניסטישער פאַרווירקלאַכונג, פון חלוצישן גערעאַנגל און אויפבוי, פון צוגרייטן נייע בויער און שעפער פאַרן יידישן היימלאַנד. יידיש רוסלאַנד מיט אירע אוצרות גרייטקייט צו מעשים, צום שטילן קדוש־השם און צו עליה, ווערט דערשטיקט אין איר ציוניסטישן שאַפונגס־ווילן. מהנות יידישע יוגנט פון רוסלאַנד זיינען לכתחילה געשוואומען, פול מיט גלויבן און קאַמפּס־לוסט, אויף קליינע שיפ־לאַך איבערן שוואַרצן ים, זיינען געריטן אויף מויל־אייזלען איבער די בערג פון קאַווקאַז, אָדער איבערגעשוואומען די גרענעץ־טייכן צווישן רוס־לאַנד און פוילן, כדי צו קומען קיין ארץ־ישראל. די געקומענע קיין פוילן האָבן זיך באַהאָפטן מיט די חלוצים פון וואָלין און פון פוילן און פאָרגע־זעצט דעם וועג צוזאַמען מיט זיי. עס האָט געווינקט צו זיי אַלעמען די נאָך קליינע אין צאָל, אָבער מוטיקע אין איר פּיאָנערישן שאַפן, ארץ־ישראלדיקע אַרבעטערשאַפט.

נאָך די 105 בענדינער און די 115 „רומענער“ און „רוסן“, איז שוין אין לאַנד געקומען די שיף „רוסלאַן“ מיט 620 יידן פון אדעס. פון יאַלטע אין קרים איז געקומען טרומפעלדאָר ...

די חלוצים וואקסן אין צאָל. די יוגנט אין ווארשע גייט דעם 1־טן מאי מיט ווייס־בלויע פאָנען און יידיש און העברעאיש געזאנג און פּראָקלאַ־מירט איר הייליקן ווילן צו שאפן א פריי יידיש־ארבעטס־פאָלק אין ארבע־טנדן ארץ־ישראל. עליה־קאָמיטעטן ווערן געגרינדעט דורך צעירי־ציון און חלוצים. טויזנטער אָרגאַניזירטע פאָדערן באַלדיקע עליה, הינטער זיי שטייען וויטערדיקע צענע־טויזנטער. אָבער די ציוניסטן מוסר'ן די אומגעדולדיקע און פאָדערן: „געדולד!“

שמריהו לעווין קומט שטילערהייט קיין פּוילן. „זיי, מיינע חברים, —זאָגט ער — ציטערן פאַר אַ פּריצייטיקער עליה, און איך? — איך האָב מורא, אפשר איז די גאנצע מעשה מיט די טויזנטער, וואָס ווילן גיין, אַן אויסגעטראַכטע זאַך... ווייזט מיר זיי!“ ער זעט און זאָגט צו „נישט אָפּיציעל צו זיין מיט די „עולי רגל“...

## 3. איבער ציוניסטישע און בריטישע שטיבעדיקע דראָטן

אָבער פון ציוניסטישן לאָנדאָן קומט דער באַרימט־געוואָרענער ציר־קולאַר, גע'התמ'עט וויצמאַן, אוסישקין, סימאָן, — וועלכער זאָגט אָן, אַז, נאָר... זייער פאַרמעגלאַכע יידן, וואָס קענען זיך באַלד איינאָרדנען אין ארץ־ישראל, קאָנען שוין פאָרן, — קיין אַנדערע זאָלן נישט וואַגן צו פאָרן. אַ כאַאָטישע עליה, נישט צוגעגרייט פריער אין ארץ־ישראל, איז אַן אומגליק... אָבער פּויליש־יידישע יוגנט, און מיט איר די דורכגייער פון רוסלאַנד, רעוואָלטירן קעגן פירער, וואָס פּענטן די עליה. נאָר די עליה אליין וועט שאפן אַרבעטס־מעגלאכקייטן און אויפנאַמס־פּייאיקייט אין ארץ־ישראל. „נישט די באַלפור־דעקלאַראַציע, — נאָר דער אויפמאַרש פון עליה וועט בויען און רעאליזירן דעם ציוניסטישן אידעאַל!“ — מיט די דאָזיקע ווערטער האָט די יוגנט פאַרלאָזן דאַן די ציוניסטישע לאַנדעס־קאָנפערענץ אין ווארשע, ווייל די דאָזיקע יוגנט האָט געברויזט מיט ווילן און דורשט צו עליה.

אין טשעכאָסלאָוואַקישן פּראָג באַגעגענען זיך דאַן ארץ־ישראל־אַר־

בעטער און מזרח־איראָפּעאישער ציוניזם פון מעשים און פון סאָציאַליס־טישע וועגן אין ארץ־ישראל, כדי צו שליסן אַ יד־אחת.

אין ת ל ־ ח י פאַלט טרומפּעלדאָר און זיינע חברים, די בויער פון קבוצה־לעבן.

א ו י פ ן פ ר אָ נ ט ! — ווערט דאַן דער רוף פון יונגן חלוצישן דור. בויען און שיצן דאָס לאַנד! — טראָגט זיך אַ רוף פון די פּויליש־יידישע שטעט צו ארץ־ישראל. אונטערן דראַנג פון צעירי־ציון פון פּוילן באַשליסט די יאָר־קאָנפערענץ פון 1920 אין לאָנדאָן צו שאַפן ציוניסטי־שע פּאַלעסטינע־אַמטן אין די גרויסע יידישע ישובים, כדי צו רעגולירן און דערמוטיקן די עליה קיין ארץ־ישראל. ביי די אַמטן דאַרפן עקזיסטירן ספּעציעלע אַרבעטס־אָפּטיילונגען, כדי צו דערמעגלאַכן די עליה פון די חלוצישע עלעמענטן קיין ארץ־ישראל. צעירי־ציון און די חלוצים אין פּוילן און בכלל אין מזרח־איראָפּע טריאומפירן. זיי האָבן זוכה געווען, אַז די עליה ווערט אנערקענט, הגם זי איז נאָך אַלץ געבליבן געוויסערמאַסן געפּענטעט. די ארבעטס־אָפּטיילונגען ווערן דאַן די אינסטרומענטן פאַר דער חלוצישער עליה.

עס האָבן געדאַרפט אַריבערגיין חדשים און יאָרן, ביז די ציוניסטן געוויינען זיך צו צו דער עצם אידייע פון עליה. דאָס יאָר 1920 שליסט זיך אָבער פונדעסטוועגן מיט 8223 ניי־אָנגעקומענע עולים קיין ארץ־ישראל און פיר און אַ האַלב טויזנט, וואָס שטעקן נאָך אונטערוועגס.

סוף 1920 קומט די ערשטע גזירה קעגן דער עליה (ס'איז געקומען נאָך די ספּיקות און דעם אויבנדערמאָנטן צירקולאַר), און ס'ווערט איינ־געפירט דער ס ע ר ט י פ י ק א ט ן - ס י ס ט ע ם. דער ערשטער קוואַרטל 1921 ברענגט אָבער ווידער דריי טויזנט יידן, מיינסטנס פּוילישע חלוצים.

ערשטער מאַי, 1921. פּאָגראָם אין יפו. די רעגירונג שטעלט אָפּ י ע ד ע עליה. דער יידישער נציב העליון הערבערט סעמיועל קערט אום צוריק פון די ברעגעס פון ארץ־ישראל יעדן ייד, אַפילו מיט וויזעס... זשאַ־באָטינסקי, דאַן מיטגליד פון דער ציוניסטישער לייטונג, טעלעגראַפירט צו דער מיט עליה־ברויזנדער וואַרשע: „האַלט אָפּ די עליה, דער איסור איז ציטווייליק. איינוואַנדערונג אוממעגלאַך, צוליבן שטרייק פון אַראַבישע מאַטראָסן". אַ צווייטע טעלעגראַמע — צו די ציוניסטישע צענטראַלעס:

מען זאָל זיך אָפּהאַלטן פון אויסדריקן אומצוטרוי צום היי־קאָמישאָנער...

אָבער די ענגע מיט עליה־לופט אָנגעזאַפּטע חדרים פון בית־חלוצים אויף דזשיקע גאַס אין וואַרשע ענטפערן מיט אַ טעלעגראַמע: פינף הונ־דערט היינט אָפּגעפאָרן און באַגלייט מיט באַגייסטערונג פון מאַסן יידן אין גאַסן און אויפן וואָקזאַל, — דאָס איז אונזער תשובה צו די געשעע־נישן אין יפו!״. און עס קלאַפּט מיט שטאָלץ דאָס הארץ פון יידישער יוגנט אין פוילן, ווען מיט צוויי חדשים שפּעטער הערט מען שוין פון די פינף הונדערט, אַז זיי ברעכן שטיינער, לייגן דורך וועגן, אַרבעטן אויף די שאָסייען און ווערן איינגעזאַפּט ביסלעכווייז אין די ארץ־ישראל׳די־קע קבוצות.

### 4. אין שטראָם פון חלוצישער און בעלי־בתישער עליה

די דריטע עליה, וואָס בענדין האָט אָנגעהויבן, וואָס סלאָוואָטע און קאָרעץ האָבן פאַרגעזעצט איבער שטעכיקע דראָטן, וואָס גראָדנער און סואוואַלקער האָבן, צוזאַמען מיט יעליסאַוועטגראַדער פון רוסלאַנד, דער־הויבן מיט זייער חלוצישע שטראָמען צום שעפערישן כוח פון דעם נייעם יידישן לעבן, — אַט די עליה האָט עס געגעבן אַ נייעם כוח און ציל צו דער יידישער יוגנט און דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין מזרח־אייראָפּע און האָט שפּעטער (נאָך 1939) דערמעגלאַכט די י צ י א ת  אַ ש כ נ ז.

די דאָזיקע עליה האָט געזונט־געמאַכט דעם עמק־יזרעאל, זי האָט אַ גאַנצע האַנט אין דעם געבורט און אין וואוקס פון דער הסתדרות, זי האָט דעם גרעסטן חלק אין אַריינפירן דעם ציוניזם אין קאָנקרעטע מעשים. זי, וואָס האָט פאַרלאָזן טאַטע־מאַמע אין פוילן, האָט שפּעטער געבראַכט צו דעם, אַז אויך עלטערן זאָלן גיין אין יידישן לאַנד. איר הויפּט־כוח איז געווען, וואָס זי האָט פּורץ־גדר געווען, וואָס זי האָט אויפגעשטורעמט מיט איר  ד ר אַ נ ג  און  ו ו י ל ן  פאַר עליה (און ניט סתם אַנט־לויפן פון אַלטע היימען!). דעריבער האָט קיין כוח זי נישט געקענט אָפּשטעלן, דעריבער האָט מען זי נישט געקענט צעשטערן, הגם מען האָט געשטערט...

אַז גזירות האָבן געשוועבט די עליה־פּעולה אין 1929 און אין פוילן

זיינען געקומען די טעג פון גראַבסקי'ס עגלה און יידן בעלי־בתים האָבן זיך א לאָז געטאָן קיין ארץ־ישראל. האָבן זיי דאָרטן געפונען די אויפּ־טוען און דערגרייכונגען פון דער דריטער עליה און אויף איר באָדן איז געעפנט געוואָרן די פערטע עליה.

אויך זי האָט מיטגעבראַכט א היפּש ביסל ברכה אין לאַנד. קיין איינציקער ייד פון דער פערטער עליה איז נישט געווען איבעריק. ווען נאַלעווקעס און דזשיקע זיינען געווען אין קלעם, האָבן זיי זייער האָפנונג און טרייסט געפונען נישט אין ווארפן זיך פון א דאַך, נאָר אין גיין קיין ארץ־ישראל. דאָס שנעלע בויען פון תל־אביב, דאָס פארלייגן יסודות פאר נייע פּריוואַטע ווירטשאַפטן אין שרון, דאָס אויפּ־שטעלן קליינע אינדוסטריעס, — די דאָזיקע אינוועסטירונג פון איניציאַ־טיוו, קענטענישן און אַרבעט, וואָס די פּוילישע מיטלשיכטן האָבן מיטגע־בראַכט קיין ארץ־ישראל, איז געווען א ברכה פאַרן לאַנד. און עס איז נישט די שולד פון די סתם־יידן, וואָס דער אָפיציעלער ציוניזם האָט אין די יאָרן 1918־1923 נישט געשאַפן אין לאַנד דעם געניגנדן באָדן פאַר א גרויסער מאַסן־עליה פון מיטלשטאַנד. און טאָמער זיינען א טייל פון די ניט־חלוצישע מיטל־עלעמענטן שפּעטער צוריקגעפאָרן קיין פּוילן (כדי אין 1933—1934 ווידער צו באַנייען זייער עליה קיין ארץ־ישראל), — זיי־נען דאָס געווען נאַטירלאַכע וואַנדלונגען פון דעם פּראָצעס פון בויען דאָרט דאָס יידישע היימלאַנד.

די חלוצישע באַוועגונג אין פּוילן האָט פאר דער צייט אָנ־גענומען פעסטערע פאָרמען. זי האָט באַקומען כוח אויף צוצוגרייטן טוי־זנטער צו עליה און אויף צו באַאיינפלוסן די יידישע יוגנט און די פאָלקס־מאַסן אין פּוילן. בעת דער פערטער עליה זיינען שוין פון דער הסתדרות געקומען פון פּוילן נישט בלויז טרוימער, נאָר אויך יידישע אַרבעטער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן און אַרבעטנדע אינטעליגענץ. וואָס שייך דעם „החלוץ" אין פּוילן, איז ער דאַן אויסגעוואַקסן פון 80 גרופּן מיט צוויי טויזנט מיטגלידער צו 460 אָרגאַניזאַציעס מיט 14.000 מיטגלידער. אנשטאָט צוויי פאַרמס מיט א פאָר צענדליק חלוצים פאַר א מוסטער, האָבן זיך אונטער דער השפּעה פון די ארץ־ישראל־קבוצות צעוואַקסן די חלוצישע אונטערנעמונגען אין פּוילן ביז 120 הכשרה־קאָלעקטיוון מיט 3.000 מיטגלידער.

ניט ק ע ג ן דער בעל־הבית׳ישער עליה איז די חלוצישע באַוועגונג געווען געריכטעט, — דער „החלוץ“ האָט געוואָלט באַגלייטן און געזונט מאַכן די מיטלשטאַנד-עליה מיט נאָך אַ גרעסערער און צאָל און אַ געזונטערער און אינהאַלט אַרבעטער־עליה און דאָס איז געוואָרן דער קאָנסטרוקטיווער וועג פון אַרבעטנדן ציוניזם בכלל און פון זיין לעבעדיקן צווייג אין פוילן.

דאָן זיינען אויך געבוירן געוואָרן די ערשטע חלוצישע קבוצים: דער כבוץ „הכובש“ פון ווילנער געגנט איז געוואָרן דער סימבאָל פון דער גרויס־צוגיקער חלוצישער עליה. דאָס איז געווען דער ערשטער ע ל י ה־ק ב ו ץ. די חלוצישע קבוצים פון וואָלין, גראָדנע־ביאַליסטאָקער געגנט, קאָנגרעס־פוילן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער פאָלקסטימלעכקייט. זיי האָבן געלייגט אַ וועג פאַר עליה אויך פאַר נישט־חלוצישע מאַסן. דער קריזיס אין 1928 איז נישט געווען פאַרורזאַכט פון דער פּערטער עליה, נאָר פון די געזעצן ק ע ג ן עליה, וואָס זיינען פאַבריצירט געוואָרן אין בריטישע און, לײַדער, אויך אין ניט־בריטישע אָפיסעס, ווי אויך דורכן מאַנגל פון כלוצישע כוחות, וועלכע מען האָט געשטערט צו קומען אין לאַנד.

## 5. די פינפטע עליה — אַרבעטער אין קבוצים!

די פינפטע עליה איז געווען אַ נייע, לויט איר פאַרנעם און לויט די כוחות, וואָס זי האָט אַריינגעצויגן פון פוילישן יידנטום. די קאָלעקטיוון פון זעג־מילן און שטיין־ברעכעריען אין ק אָ ל אָ ס אַ ל ע , וואָלין, „שחרית“, פּאָלעסיער קבוץ (אָנגעהויבן דורך די קדושי־פּינסק) און פיל אַנדערע, — זיי האָבן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דורכברעכן די עליה־שטערונגען.

די לאַגע אין ארץ־ישראל האָט געפאָדערט אַלץ מער יידישע אַרבעטער. די געשעענישן פון 1929 האָבן אויפגעבראַכט די יידישע יוגנט אין פוילן און זי האָט אָנגעהויבן שטראָמען צו די קבוצי־עליה פאַר באַלדיקן עולה זיין און צו די קבוצי הכשרה, — כדי צו זיין גרייט און צו קאָנען דערפילן אין לאַנד די חלוצישע פליכטן.

ניט די פאַספּיעלד־גזירה פון 1930 און ניט דאָס פּראָוואָן פאַרטרייבן די חלוצים פון די קלאָסאָווער שטיין־האַקערייען אין 1931 און

אויך נישט די בייזוויליקע אטאקעס אויפן „החלוץ" מצד קאָמוניסטן, וואָס ווילן ארויסרייסן די אידעאַליסטישע יוגנט פון דער הכשרה און וואָס האָבן אפילו געבראכט צו אן איבערפאַל פון די קאָמוניסטן אויפן ווישקאָ־ווער „בית־החלוץ", — קיין זאך האָט נישט געקענט אָפּשוואַכן דעם אי־נערלאכן דראַנג פון דער יידישער יוגנט צום „החחלוץ" און איר ווילן צו באַהעפטן זיך מיט דער העראָאישער יידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל.

די חלוצישע באַוועגונג אין פוילן האָט דאן געהאַלטן אין איין וואקסן. די לעבנס-באַדינגונגען זיינען געווען שווער. נישטאָ קיין דירות, נישטאָ קיין אַרבעטס־מכשירים פאַר די געפלאַנטע ווארשטאַטן, נישטאָ אָפילו אָפט אויך קיין געהעריקע דערנערונג. אין דעם היטלעריסטישן דייטשלאַנד לעבן די חלוצים און חלוצות אין די הכשרה־פּונקטן ענג. אָבער עס קומט דאָך אויס אויף יעדן איינעם 8 און אַ האַלב קוואַדראַט־מעטער צימער; דעם פוילישן מאַסן־חלוץ קומט אָבער אויס נאָר אנדערט־האַלבן קוואדראט מעטער. מען שלאָפט אויף די באַרימטע „דריי אינ־טערנאַציאָנאַלן", דאָס הייסט דריי שטאָק נאַרעס אין צימער און אין יעדער בעט — צוויי־דריי מענטשן. אָפט קומט אויס 16 מאַן אין איין צימער. דאָס איז די לאַגע אין 1935.

אָבער דער החלוץ האַלט אין איין שטייגן. דער וועלט־חלוץ האָט שוין דאַן פאַרמאָגט 34 טויזנט חלוצים אין הכשרה, פון זיי 19 טויזנט, ביי 60 פּראָצענט — אין פוילן, 3 טויזנט — אין דייטשלאַנד א. א. וו. דער פּוילישער החלוץ עפנט נייע אַרבעטס־צווייגן, דרינגט אריין אין נייע ווירטשאַפטלאַכע געביטן, פאַרנעמט פּאָזיציעס אין כל'ערליי פאַבריקן און ווארשטאַטן, דער „בונד" איז צעטומלט: ער זעט, וויפיל זיינע יוגנט־לאַכע גייען אַריבער אין די חלוצישע קבוצים, וויפיל אַרבעטסלאָזע אַרבע־טער באַהעפטן זיך מיט דער חלוצישער אַרמיי, כדי עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. די קאָנטר־אַקציע פון „בונד" קלינגט ווי די „פרייהייט"־אָנפאַלן אויף דער הסתדרות אין די טעג פון פּאָגראָם אין ארץ־ישראל. זי פאַלט דורך — יוגנט און אַרבעטער זיינען צוגעטראָטן צום „החלוץ".

אין פוילישן „החלוץ" אנטשטייט די קבוצה פון גדיניע: „צום ים". אין 1938 קומט אַ צווייטע ים־גרופּע. אין לאָדזש וואַקסט אויס דער גרוי־סער שטאָטישער קאָלעקטיוו „קבוץ־באָראָכאָוו". אין אַלע טיילן פון פוילן אנטשטייען גרופּן פון פאַבלייט, בעלי־מלאכות, גרייט צו עליה, אָרגאַני־

זירט דורכן „העובד" און „העובד החלקאי", וועלכער אָרגאַניזירט יידי־שע ישוב'ניקעס צו עליה. די אַלטע פאַרלאָזענע יידישע פאַרם אין טשענסטאָניעוו מיט אירע 1200 מאָרגעס ערד, געגרינדעט לאַנג פאַרן ערשטן וועלט־קריג, געפינט אַצינד איר תיקון און 300 חלוצים מיט חלוצות פילן זיך אָן מיט לעבן און מיט אַרבעטס־געזאַנג.

## 6. גבורה אויף ים־כוואַליעס און „אונטערערד"

יאָרן פון גבורה און מאָראַלישן ווידערשטאַנד אין ארץ־ישראל, האַרט פאַרן איצטיקן קריג. דאָס יידישע פוילן שפּירט שוין די ערנסטקייט פון דער צייט אין ארץ־ישראל, וואָס גאַרט נאָך נייע אַרבעטער און באַשי־צער פון לאַנד.

דייטשישע יוגנט ווערט אַריבערגעפירט קיין ארץ־ישראל, — חלוצים פון דייטשלאַנד, וואָס זיינען אַדורך הכשרה אין אַ סך אייראָפּעאישע צענטרען. אָבער נישט אין צאָל און נישט אין איכות פאַלן נישט די נייע עולים־חלוצים אַראָפּ אין פאַרגלייך מיט פוילן.

דאָס לאַנד, טראָץ די שווערע געשעענישן און דעם אַראַבישן טע־ראָר, פאָדערט עולים און עולים. און די חלוצישע עליה גייט כסדר ווייטער, מיט דערלויבטע און נישט־דערלויבטע וועגן, אין לעגאַלע און „אומ־לעגאַלע" פאָרמען... מיט סערטיפיקאַטן און אָן סירטיפיקאַטן ברעכט מען גרעניצן און מען רייסט זיך צום יידישן לאַנד מיטן ים און מיט דער יבשה. גרופּן קומען אַפילו מיטן אַלטן וועג, נאָך פון 1920, איבער דער סירישער גרעניץ. אין מיטללענדישן ים שווימט פון ברעג צו ברעג „וועלאָס". די עליה ברעכט אַלע פאַראָרדנונגען און זי האַלט אין כסדר'דיקן גיין אויף שיפן און שיפלאַך, מיט וועגן און אומוועגן...

די עליה־גזירה פון „ווייס־בוך" פאַרהילט מיט שוואַרצע וואָלקנס דעם חלוצישן וועג קיין ארץ־ישראל. עס אַנטשטייען „קאָנצענטראַציע־לאַגערן" פאַר „אומלעגאַלע"... די שיף „קאָנסטאַנציאַ" קומט אָן אין אויגוסט 1939 און טשינאָווניקעס פון „ווייס־בוך" ווילן פאַרענטפערן זייערע בייזע האַנדלונגען לגבי די עולים מיט דעם תירוץ, אַז אויף דער שיף פאָרן נישט קיין דייטשן, נאָר... פוילישע בירגער.

עס קומט די צווייטע וועלט־מלחמה. אין מיטן ים שווימען, ווי

פריער „כשר'ע" און „טריפ'ע"... פון דייטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיי, פון רומעניע און ליטע, פון פּוילן און אונגאַרן שווימען חלוצים און עולים צו זייער היימלאַנד. די, וואָס האָבן דורכגעבראָכן אין 1918 מיטן כוח פון יידישן פאָלקסווילן און דורשט נאָך פרייהייט, די וועגן פון דער דריטער עליה, — שטעלן זיך נישט אָפּ פון קאַמף קעגן יעדער מין באַגרענצונג און שטערונג.

***

אויך היינט קומט פון פּוילן די בשורה וועגן טויזנטער חלוצים אין „אונטער־ערד", וואו עס זיינען ווידער אויסגעבויט געוואָרן נעסטן פון שטאַרקן חלוציש׳ן ווילן, וועלכער וועט, נאָכן קריג, ווידער אויפשטורעמען, כדי צו זיין דער אַוואַנגאַרד פון אַ נייער, און פיל גרעסערער, יידישער מאַסן־עליה קיין ארץ־ישראל...

# „בונד“ אויף עמיגראַציע

פון

ל. שפיזמאַן

## .1

לאַצקי־בערטאָלדי דערציילט אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען (זע „ערדגייסט“), אַז אין 1904 האָט ער געפירט אַ געשפּרעך מיט אַ בונדישן טוער וועגן קאַמף, וואָס דער „בונד“ פירט קעגן געדאַנק וועגן אַ טעריטאָריע פאַר יידן. אין ברען פון וויכוח האָט אים דער אָנגעזעענער בונדיסט דערקלערט: „ווען איר וועט אַפילו האָבן אַ מיליאָן יידן אויף אייער טעריטאָריע, וועט איר אין דער „אַרבעטער־שטימע“ (דער דעמאָלסדיקער בונדישער צענטראַל־אָרגאַן) וועגן דעם ניט געפינען קיין איין וואָרט“.

זייט דאַן זיינען שוין פיל וואַסערן אָפּגעלאָפן. די בונדיסטן האָבן געבראָכן זייער וואָרט. ווען קיין ארץ־ישראל האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען די ערשטע פּיאָנערן־גרופּן, האָט די בונדישע פּרעסע אָנגעהויבן קלאַפּן טרעוואָגע, אָנגעבנדיק כל־ערליי, זיך סותר־זייענדיקע, אַרגומענטן, פאַרוואָס ציוניזם טראָגט מיט זיך אַזוי פיל סכנות און געפאַרן פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט, ווי פאַר אַלע אַנדערע טיילן פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע (מיטן וואָרט „יידיש פאָלק“ האָט מען זיך דאַן געשעמט צו באַנוצן. דאָס וואָרט אַליין האָט שוין געשמעקט מיט מטמא זיין זיך און זינדיקן מיט ציוניסטישער קראָמאָלע). ווען ארץ־ישראל האָט גע־

האָט די ערשטע 50.000 יידן, איז דער ציוניזם געוואָרן פאַרשריגן אַלס די גרעסטע געפאַר, ממש דאָס פוס־בענקעלע פאַרן צאַריזם, און מ'האָט געצויגן אַ דיאַליקטיש־אויסגע'מוח'טן פאַרבינדונגס־שטריך צווישן דער רוסישער שוואַרצער מאה און די... ציוניסטן (זע געניוער ביי סירקינ'ען. וואָס מער יידן ס'זיינען אריינגעקומען קיין ארץ־ישראל — אַלץ פאַרבי־סענער איז געוואָרן דער קאַמף, אַלץ מער איז געוואָרן געריבט די גייסטיקע רו ביי דער „פאַרטיי פון יידישן פּראָלעטאַריאַט", און נאָך שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די רעוויזיע ביי דער גרויסער אַמעריקאַנער־יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג, א ון פיל הונדערטער און טויזנטער דערצויגענע אין דער בונדישער שול האָבן זיך פאַרבונדן מיט האַרץ און מוח מיט דער ארץ־ישראל'דיקער הסתדרות און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די בונדישע געטער־דעמערונג, אַ צוזאַמענבראָך פון אַ שיטה, א דאָגמע, כמעט אַ רעליגיע פון „רעוואָלוציאָנערן" פאַטאַליזם, אָבער די געטריי-געבליבענע אַנטי־ציוניס־טישע מאַהיקאַנער פירן ווייטער דעם קאַמף און לאָזן זיך יעדן טאָג צאַפּן דאָס בלוט דורך כשר־רעוואָלוציאָנערע זנאַכערס, צי האָט זיך אַמאָל אהין נישט פאַר'גנב'עט א ציוניסטישער סימפּטאָם, און פייניקן זייער האַרץ, וואָס בענקט נאָך פול־בלוטיקער יידישקייט דורך אייז קאַלטע סגופים פון „מאַרקסיסטישע" טובלי־שחרית.

אָ, אָרעמע בונדישע צדיקים! ווער ס'איז אייך מקנא, זאָל גע־שטראָפט ווערן אויך צו טראָגן אויף זיך דעם שווערן עול פון אַרכי־רע־וואָלוציאָנערער אויסגעהאַלטנקייט אין הפקר'דיקן אַמעריקע, וואו עס ווערן אזוי פיל נסיונות אין שטורם-און קריגס־יאָר 1941, און זיך קע־נען מתיחד זיין אין רעוו. גן־עדן מיט די פּראָקלאַמאַציע־שריי־בער פון 1904. .

„בעת מיר האַלטן, אַז די אַזוי־גערופענע „יידנפראַגע" דאַרף און קאָן געלעזט ווערן נ אָ ר א ו י ף ן אַ ר ט דורך אַ געמיינזאַמען קאַמף־פראָנט פון די יידישע און ניט־יידישע פאָלקס־מאַסן, זעען אַנדערע פאַרטייען און גרופּירונגען אויף דער יידישער גאַס, בתוכם די „פּראָלעטאַריש"־ציוניס־טישע, די רעטונג פון יידישן פאָלק אין אַרויספירן אים פון „גלות", אין עמיגראַציע, עוואַקואַציע א. אַ. וו. צי דאַרפן מיר די דאָזיקע שטעלונג אונ־זערע ענדערן? באַין אופן ניט! דאָס איז פאַר אונז אַ „אייבעקער אמת". (נח אין „אונזער צייט" נ. 1 ז. 5.)

„אַ חוץ די פראַגן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער פּאָליטישער אָרגאַ־ניזאַציע פון אייראָפּע און מיט די גאַראַנטיעס פון די יידישע רעכט, קען

אויפּקומען אויך די פראַגע וועגן דער יידישער מ אַ ס ן ־ ע מ י ג ר אַ צ י ע. מיר האָבן קיינמאָל נים געזען אין דער עמיגראַציע אַ לעזונג פון דער יידישער פראַגע און זיינען אין אונזער מיינונג פעסטער, ווי ווען ניט איז. אָבער עס איז מעגלאַך, אַז דער לאַנגער קריג וועט שטאַרק רואינירן איירּאָפּע און וועט אַרויסרופן, בפרט ביי יידן, אַלס שטאַטישע איינוואוינער, אַ שטאַרקן אויסוואַנדערונגס־שטראָם. מיין פריינט, דער זשענעווער פּראָפעסאָר ל. הערש, האָט שוין אַוועקגעשטעלט קורץ פאר דער מלחמה די פראַגע וועגן דעם, צי איז ניט מעגלאַך אַ „פּלאַנירונג" פון דער יידישער עמיגראַציע, וואָס איז אַ געשיכטלאַכער פאַקט.. אויב מ'זאָל האַלטן, אַז אַזוינס איז מעגלאַך, טאָ דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז אַן פּלאַנמעסיקער רעגולירונג פון דער יידישער מאַסן־אויסוואַנדערונג וועט מען די דאָזיקע האַרבע פראַגע ניט קענען צוועקמעסיק לעזן. און די דאָזיקע לעזונג וועט דאַריבער מוזן ווערן באַטראַכט און באַהאַנדלט ווי אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעם.

„דאָס אַלץ וועט זיין אַ וויכטיקע אויפגאַבע ניט נאָר פאַר די רעגירונגען, און ניט נאָר פאַר די סאָצ. פּאַרטייען (און געווערקשאַפטן), נאָר אויך פאַר די יידישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, און פריער פאַר אַלץ פאַר דער גרעסטער און פאַראַנטוואָרטלאַכסטער פון זיי — דעם „בונד".

(ר. אַ ב ר אַ מ אָ ו ו י ט ש, מערץ 1940 — ציטירט לויט בן־אַדיר'ס „פאַרן געשיכטלאַכן יום הדין", פּאַריז 1940).

*
**

דער דאָזיקער ציטאַטן־שפּיגל באַווייזט קלאָר די אידעאָלאָגישע פאַרווירונג, וואָס הערשט אין די רייען פון „בונד". פון איין זייט דאָס עקשנות'דיקע קלאַמערן זיך פון פּוילישן „בונד" אין דער אַלטער איינשטעלונג פון פאַרלייקענען דעם אינסטרומענטאַלן כוח פון יידישער עמיגראַציע אין אונזער מאָדערנער געשיכטע, און פון דער צווייטער זייט דער פאָרשלאָג, אַז דער „בונד" זאָל זיך שטעלן בראש פון אַ באַוועגונג, וואָס זאָל מיטהעלפן פּלאַנמעסיק רעגולירן די יידישע מאַסן־אויסוואַנדערונג.

די מיינונג פון אַבראַמאָוויטש און ליבמאַן איז נישט קיין פאַראיינזאַמטע אין „בונד". שוין נישט צו רעדן וועגן די אַמעריקאַנער „בונדיסטן", וואָס זיינען זינדיק און פול ווי אַ מילגרוים מיט יידישקייט און נאַציאָנאַליזם, זעען מיר אויך, ווי אַזאַ ערנסטער פּובליציסט און ווייסנשאַפטלער ווי אַ. מ ע נ ע ס זוכט נייע וועגן, כדי אַרויסצוקריכן פון בונדישן ענגן ווינקל.

מענעס ווייזט אָן מיט רעכט אין זיין אַרטיקל „וואָס וועט זיין מיט אונז יידן?" („וועקער", יוני 1941), אַז „אין סוף פאַריקן און אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט איז די עמיגראַציע אין אַמעריקע פון אַלע (?) יידישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטלאַכע באַוועגונגען באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ

שטיף־קינד. טיילווייז האָט מען אפילו דעם מאַסן־שטראָם, וואָס האָט אריבערגעבראַכט אַ 3 ־ 4 מיליאָן יידן פון אייראָפּע קיין אמעריקע, באַטראַכט ווי אַ נישט־געוואונטשענע דערשיינונג. היינט איז אונז זיך שווער פאָרצושטעלן דאָס יידישע לעבן אָן דעם מעכטיקן יידישן קבוץ אין אמעריקע. עס איז געווים ניט קיין איבערטרייבונג, ווען מיר זאָגן, אַז דער אויפקום פון די נייע יידישע מאַסן־ישובים אין דער נייער וועלט איז געווען די באַדייטנדיקסטע געשעעניש אין דער יידישער געשיכטע פון לעצטן יאָרהונדערט".

נח טענה'ט, אַז מ'דאַרף גאָרניט ענדערן. מען טאָר ניט רעווידירן די „אייביקע אמת'ן" (זייט ווען זיינען עס 44 יאָר — אַזוי לאַנג עקזיסטירט דער „בונד" — אַן אייביקייט?). אָבער מענעם דערקלערט פּונקט פאַרקערט, אַז „יידישע סאָציאַליסטן קענען היינט מער ניט טראַכטן אין טערמינען, וואָס זיינען געווען נאַטירלאַך און פאַרשטענדלאַך מיט יאָרן צוריק". ער דערערדט זיך צו אַ געדאַנק, וואָס וועט זיכער אַרויסרופן הייליקן צאָרן ביי פיל פּוילישע בונדיסטן, אַז „די נאַציאָנאַלע טראַגעדיע האָט אין אַ באַדייטנדיקער מאָס אָפּגעשוואַכט די פריערדיקע קלאַסן־ליניעס און מיר זיינען היינט געצוואונגען זיך צו שטעלן ברייטערע אויפגאַבן".

אין אַן אַרטיקל אין „צוקונפט (מאַי 1939) „יידן מוזן בלייבן אויף די ערטער", גיט צביון אַ היתר די דייטשע יידן, אַז זיי מעגן יאָ זיך אויסדרייען מיטן רוקן צום קלוגעטשקן לאָזונג: „יידן מוזן בלייבן אויף די ערטער" און ער דערקלערט: „כ'גלויב, אַז עס זיינען ניטאָ קיין מיינונגספאַרשידנהייטן אין דעם, אַז מען מוז העלפן די יידן פון דייטשלאַנד געפינען אַ פּלאַץ וואו זיך צו באַזעצן. די דעבאַטע, צי יידן דאַרפן אויסקעמפן זייער רעכט אין די לענדער, וואו זיי לעבן, אָדער זיי דאַרפן קוקן אויף זיך, ווי אויף צייטווייליקע געסט און זיין שטענדיק גרייט אין וועג, קען צו די דייטשע יידן ניט אָנגעווענדעט ווערן. די דייטשע יידן האָבן ניט קיין ברירה, זיי מוזן זוכן אַ פּלאַץ, וואו זיך צו באַזעצן".

ילמדנו רבנו, מיט וואָס זיינען די יידן אין פּוילן היינט אין אַ בעסערער לאַגע ווי די יידן אין דייטשלאַנד פאַרן אויסברוך פון קריג? פאַרקערט, זיי זיינען אין אַ פיל ערגערער לאַגע. צום אומגליק פון היטלער־העדשאַפט איז צוגעקומען דער קריג מיט זיינע גרויליקע שרעקן. מען דאַרף ווירקלאַך האָבן פאַרלוירן דעם לעצטן פונק פון שכל און לאָגיק, כדי

צו ראטן די יידן פון פוילן, זיי זאָלן בלייבן טריי די „אייביקע אמת'ן" און פאָלגן דער פארטיי, וואָס פאַרטרעט „די גרעסטע מערהייט פון יידישן פאָלק" און דווקא ניט עמיגרידן. און ס'איז שווער צו געפינען אַ פּאַ־סיקן אויסדרוק פאַר דער משונה'דיקער דערקלערונג פון ח' נח, אַז זיי— די פוילישע יידן — האָבן אים טאַקע געפאָלגט און געבליבן אויף די ער־טער. און וואָס איז מיט די הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס זיינען אנטלאָפן קיין רוסלאנד? און וואָס איז מיט די טויזנטער אָרגאַניזירטע אַרבעטער, מיטגלידער אין בונדישע פּראָפעסיאָנעלע פאריינען, וואָס האָ־בן אָפּגעשלאָגן די טירן פון אדבעטס־עמיגראַציע־ביוראָ א. אנד. בונדישע אינסטיטוציעס, מ'זאָל זיי מיטהעלפן אַרויסעמיגרירן פון פוילן נאָך פאַר דער מלחמה? מיר האָבן עפּעס ניט געהערט, אַז מ'זאָל די דאָזיקע פּאַ־טענציעלע „ציוניסטן" האָבן אויסגעשלאָסן פון „בונד" און פון זיינע פּראָפ. פאריינען.

גאַנץ יידיש אייראָפּע איז יעצט אין דער זעלבער לאַגע, ווי דייטש־לאַנד. וואָס פּסק'ענען די פירער פון פוילישן „בונד"? מעגן זיי עמיגרירן (אויב זיי קענען נאָר), אָדער זאָלן זיי בלייבן טריי די „אייביקע אמת'ן"?

און ווי שטאַרק ס'וועט זיין דער יידישער עמיגראַציע־שטראָם נאָך דער מלחמה פון דייטשלאַנד, ווי פוילן, פון פראַנקרייך, ווי רומעניע — וועגן דעם האָט זיך שוין אבראַמאָוויטש אדויסגעזאָגט. אויך מענעם מיינט, אַז „מען קען רעכענען, אַז אויך נאָך דער מלחמה וועט די עמיגראַציע שפּילן א באַדייטנדע ראָל אין לעבן פון די יידישע קבוצים אין אייראָפּע" („וועקער", אויגוסט 1941, „פאָלק און לאַנד". ווי לאַנג רעכענען נאָך אַלזאָ די בונדיסטן פון פוילן צו באַהאַלטן זייער קאָפּ אין זאַמד און ניט קוקן דער ווירקלאַכקייט אין די אויגן אריין? איר זאָגט דאָך, אַז „מיר האָבן זיך קיינמאָל נישט געהאַלטן ביי פאַרגליווערטע פאָרמולעס, און אוודאי טאָרן מיר נישט בלייבן פארשטיינערט איצט". אדרבאָ, מיטן רעכטן פוס, אין אַ מזל'דיקער שעה, זאָל מען הערן פריילאַכע בשורות ביי יידן אין אַזעלכע טויט־טרויעריקע טעג — אויב יעצט וועט אייער גלי־וויער נישט צעגיין אין דער קאָכיקער לאַווע פון דער שטורמישער צייט —וועןזשע?

פאַרן קריג פלעגן מיר אָפטמאָל הערן די באַשולדיקונג, אַז די ציוניסטישע אַגיטאַציע פאַר עמיגראַציע (דאָס איז חריפות'דיק־דיאַלעק־

טיש און מארקסיסטיש, אַז די עמיגראַציע פון יידן אין פוילן איז געקומען דורך אונזער אַגיטאַציע. וואָלטן מיר נישט אַגיטירט, וואָלט די עמיגראַציע ניט עקזיסטירט) גיסט וואַסער אויף די רעדער פון אַנטיסעמיטיזם און שוואַכט אָפּ דעם קאַמף פון די יידישע מאַסן פאַר זייער בירגערלאַכער גלייכבארעכטיקונג.

ווי די געשיכטע חזר׳ט זיך איבער! אַן ענלאַכע טענה האָבן אַרויסגערוקט די יידישע פּני אין 1882 נאָכן אויסברוך פון דער פּאָגראָם-כוואַליע אין 1881, ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע יידישע עמיגראַציע-באַוועגונג קיין אַמעריקע און אין אַ באַדייטנד קלענערער מאָס קיין ארץ-ישראל. אויף אַ פאַרזאַמלונג פון פּעטערבורגער יידישער פּני (אין אַפּריל 1882) מיט דעלעגאַטן פון פּראָווינצער קהילות, איז אונטערן דרוק פון באַראָן גינזבורג, דעם אייזנבאַן-פינאַנסיסט ש. פּאָליאַקאָוו א. אַנד. געוואָרן אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: „לחלוטין אָפּוואַרפן דעם געדאַנק וועגן אָרגאַניזירן אַן עמיגראַציע, ווייל דאָס שטייט אין סתירה צו דער ווערדע פון דער רוסישער מלוכה און די היסטאָריש-דערוואָרבענע רעכט פון יידן אויף זייער איצטיקן פאָטערלאַנד“.

איר דאַרפט נאָר בייטן דאָס וואָרט „רוסישע“ אויף „פּוילישע“ און איר וועט האָבן פאַר זיך אַ „מאַרקסיסטיש“-באַגרינדעטע בונדישע רעזאָלוציע פון בעסטן סאָרט. צווישן די רפּראָטעסט-ראַבינער, די פּראָטעסט-פּילאַנטראָפּן און די פּראָטעסט-בונדיסטן ציען זיך, ווייזט אויס, עפּעס געהיימע פעדעם פון סימפּאַטיע און אַלע באַשולדיקן זיי אונז אין אַגיטאַציע. אַך, די דאָזיקע קראַמאַלע! ווען מען קען אָפּהאַקן דעם קאָפּ דער ציוניסטישער אַגיטאַציע, וואָלטן דאָך די יידישע מאַסן געפאָלגט די פּאָליאַקאָוו׳ס און די נח׳ס און, זיך פאַרבאַריקאַדירנדיק אין די עפּוש-קעלערן פון סמאָטשע און נאַלוט, געזונגען די שענסטע סערענאַדעס אונטער די אַסימילאַטאָריש-בונדישע פענצטער: „דאָ געבוירן — דאָ וועלן מיר שטאַרבן“.

אַמאָל האָט מען אונז פאַר׳מסר׳ט פאַר דער צאַרישער אַדמיניסטראַציע, היינט גיט מען אונז איבער אין די הענט פון דער פּוילישער מלוכה-פּראָקוראַטור... ערליך האָט אונז געזעצט אויף דער באַשולדיקונגס-באַנק אַלס פאַרבינדעטע פון די אַנטיסעמיטן (זע זיין וויכוח מיט דובנאָוון אין „צוקונפט“, אָקטאָבער 1938) און אין מעמאָראַנדום צו דער פּוילישער גלות-רעגירונג איבערגעגעבן דורכן צ. ק. „בונד“ אין אַפּריל 1940 — אַ

מעמאָראַנדום, וואו דער „אינטערנאַציאָנאַל“ ווערט געזונגען מיטן ניגון פון „מה־יפית“, ווארפט מען אונז פאָר, אַז מיר... זיינען נישט לאָיאַל צו דער פוילישער מלוכה! ס'איז אַ וואונדער וואָס די אַמעריקאַנער יידישע עפנטלאַכקייט האָט זיך ווייניק אָפּגעשטעלט אויפן דאָזיקן ערנלאָזן דאָקו־מענט. דער „בונד“, ווערט דאָרט געזאָגט, איז דער איינציקער כוח (אונטערגעשטראָכן אין מעמאָראַנדום), וועלכער האָט אין פוילן אויפגעהויבן די פאָן פון קאַמף קעגן דער אָקופּאַציע. עס קומט אויס, אַז די אַנדערע יידישע פּאַרטייען ווייזן אָדער ניט אַרויס צום דאָזיקן קאַמף קיין אינטערעס, אָדער האָבן אים אפשר גאָר אינגאַנצן פאַראַטן. עס ווערן אפילו ניט דערמאָנט די אַנדערע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען: מיר און די לינקע פּועל־צ (הגם מיט די לעצטע זיצט מען צוזאַמען אין אַרבעטער־קאָמיטעט און אַהין קומען ידיעות וועגן דער טעטיקייט פון לינקע פּ.־צ־חברים אין פוילן). ביי אַנדערע געלעגנהייטן האָט מען פאַרעפנטלאַכט דערקלערונגען, וואָס מאַכן דעם איינדרוק, אַז דער „בונד“ איז געווען דער איינציקער יידישער כוח, וואָס האָט מיטגעהאָלפן ביי דער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע...

דער מעמאָראַנדום שטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן דעם פּאַטריאָ־טיזם פון די ציוניסטישע פּאַרטייען אין פוילן. „מיר, די גרעסטע יידישע פּאַרטיי“ זיינען די איינציקע, וועלכע בינדן צונויף, און וועלכע ניט איז באַוואָרענישן, אונזער גאַנצע טעטיקייט אין קאַמף מיט פוילן און נאָר מיט פוילן“. ווען מיר וואָלטן זיך באַנוצט מיט בונדישע דיווערסיע־מעטאָדן, וואָלטן מיר געקאָנט שווערן, אַז דער מעמאָראַנדום איז געוואָרן אָנגעשרי־בן אויף אַ באַשטעלונג פון פוילישע אַנטיסעמיטן. אין אים ווערן באַ־שולדיקט די יידישע מאַסן, וואָס זיינען ניט בונדיסטיש (און זיי בילדן אַ 90 פּראָצענט, אויב נישט טאַקע די גאַנצע 95 פּראָצענט פון די יידן אין פוילן), אַז זיי זיינען ניט פּאַטריאָטיש, זיי האָבן ניט געהאָלפן פאַרטיידיקן וואַרשע, זיי פירן נישט אָן דעם קאַמף קעגן אָקופּאַנט אין באַזעצטן פוילן און זיי בינדן נישט צונויף זייער טעטיקייט און קאַמף מיט פוילן.

ווער גיסט וואַסער אויף די רעדער פון אַנטיסעמיטיזם? די ציוניסטן אָדער זיי, די היפּער־פּאַטריאָטן? דאָס אונטערשטרייכן עטלאַכע מאָל אין מעמאָראַנדום, אַז זיי — די בונדיסטן זיינען די איינציקע, וועלכע באַ־טראַכטן פוילן אַלס זייער איינציקע היים, ווייזט אָן קלאָר—אָט

גייען יענע, וואָס האָבן צוויי אָדער מער היימען — פּוילן, א"י, אַמעריקע. הערט איר ניט אין דאָזיקן דאָקומענט, געשריבן אין פּויליש, אַן אָפּקלאַנג פון ריינעם דייטש, מיט וועלכע די אַסימילאַטאָרן האָבן געשריבן זייערע פּאַמפלעטן קעגן די ציוניסטן אין אַמאָליקן דייטשלאַנד?

הערצל האָט געשטורעמט קעגן די „מאַושעלס", וואָס באַשולדיקן די ציוניסטן, אַז זיי זיינען יידישע אַנטיסעמיטן, און אָט שטייען זיי פאַר אונז, די בונדישע מאַושעלס פון פּוילן אין זייער גאַנצער נאַקעטקייט.

מאָדנע, ווי די געשיכטע חזר'ט זיך איבער. אַמאָל חזר'ט זי זיך איבער אַלס אַ פאַרס, אַמאָל אַלס אַ טראַגעדיע. צו וועלכן סאָרט געהערט די בונדישע איבער'חזר'ונג פון די אַמאָליקע „מאַושעל"־אַרגומענטן — איז שווער צו זאָגן. גיכער איז עס אַ געמיש פון ביידע. אַ טראַגי־פאַרס פון אונזער קרום־שפּיגלדיקער יידישערווירקלאַכקייט.

.2

ווען איר פאַרגלייכט אַמאָל די בונדישע פּרעסע פון פאַרשיידענע יאָרן —דאַכט זיך אייך, אַז ווען איר וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ חוני־המעגל־שלאָף און זיך אויפגעכאַפּט מיט 40 יאָר שפּעטער — וואָלט איר גאָרניט האָבן פאַרשפּעטיקט (אויב דאָן וואָלט נאָך דער „בונד" עקזיסטירט); דאָרט האַלט מען ערשט ביי אָדם־הראשון. די אולטראַ־רעוואָלוציאָנערן באַוועגן זיך מיט דער שנעלקייט פון אַ שילדקרעט. זייער געדאַנק איז בליי, שווערוואָגיק, פאַרשלעפּערט, דער דיאַמעטראַלער קעגנזאַץ פון טעמפּאָ.

זייט דער גרינדונג פון „בונד" —אין 1897 — גייט אָן אַ דיסקוסיע, צי מעגן זיך בונדיסטן פון פּוילן און רוסלאַנד פאַראייניקן מיט בונדיסטן, וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט — טראָץ דעם פאַרבאָט פון „בונד" — קיין ענגלאַנד, אַמעריקע, אין איין וועלט־אָרגאַניזאַציע. ווי איבעדראַשט בין איך געוואָרן, אַז כ'האָב געטראָפן די דיסקוסיע אין 1902, אין 1910, אין 1916 (אַרטיקל פון מיכאַלעוויטש אין וואַרשעווער „אונזער צייט") און אין... 1941. פּאַט דערלויבט זיך אָן אַפּיקורסות און לייגט פאָר, אַז דער „בונד" זאָל „זאָרגן" ניט פאַר 3 מיליאָן יידן, נאָר פאַר 7 מיליאָן, ד. ה. פאַר די יידן פון מזרח־אייראָפּע („אונזער צייט", אויגוסט 1941). מענעס גייט נאָך ווייטער און לייגט פאָר זאָרגן פאַר 9 מיליאָן (אויך פאַר די

יידן אין מערב-אייראָפּע). אבי מען זאָגט, אז די וועלט גייט ניט פאָרויס.

אויך יוסף קיסמאַן (פון רומעניע) געהערט צו די אַפּי־קורסים און ער קריטיקירט די טעריטאָריאַלע באַגרענעצטקייט פון „בונד" אין פּוילן („וועקער", אפּריל 1941). די פּוילישע בונדיסטן, קומענדיק קיין אַמעריקע, וועלן, זאָגט ער, האָבן טענות, פאַרוואָס מ'האָט זיי גע־לערנט צו ווייניק געאָגראַפיע. דער ווייט־בליקנדער מענעס רעדט קלאָרע דיבורים אויך אין דער פראַגע: „דער קאַמף פאַר לעבן און יידישע רעכט מוז געפירט ווערן אין אַ וועלט־פאַרנעם" און ער לייגט פאָר, אז „די יידי־שע סאָציאַליסטן פון אייראָפּע און אַמעריקע זאָלן זיך זעצן ביי איין טיש און צוזאַמען באַטראַכטן אַלע פראַגן אין שייכות מיט דער ווידער־אויפ־ריכטונג פון יידישן לעבן נאָך דער מלחמה" („וועקער", יוני 1941).

אָבער די דעה האָבן ניט מענעס, קיסמאַן און אַנד. בונדיסטן, וואָס זיינען אַרויס לתרבות־רעה, די דעה האָבן די פּוילישע בונדיסטן, און דער יעצטיקער מבול פון בלוט און טרערן איז נאָך אַלץ נישט מסוגל צו רירן אפילו איין טשוואָק אויפן וואַנט אין דער בונדישער איינגעפונדרעוועטער בעל־הבית'ישקייט. דאָרט מוז אַלץ הענגען ווי געווען. אז מענטשן זאָרגן אַזוי פיל פאַר זכרונות, מוזעאומס און געשיכטע־וואַטע — איז דאָך ניט שייך...

אביסל איז מען דאָך געגאַנגען פאָרויס. פון מעדעם'ס אַמאָליקער באַהויפּטונג, אז דער עצם־געדאַנק וועגן אן אַלטוועלטלאַכער יידישער נאַ־ציע איז אומגעלומפּערט און רעאַקציאָנער — ביז אַבראַמאָוויטש און מענעס — איז פאָלג מיך אַ גאַנג. אָבער אין „בונד" איז שטענדיק געווען צעקריגט די טעאָריע מיט דער פּראַקטיק. דער פאַרשטאָרבענער כמורנער האָט זיך דאַרויף זייער שטאַרק געקלאָגט, און ס'קען טרעפן, אז אין דער טעאָריע האַלט מען שוין ביי אַ יידישער נאַציע און אין דער פּראַקטיק קוקט מען יעדע רגע אין שפּיגל, צי די פּראָלעטאַרישע באַקן זיינען גענוג בלאַס און עס מיניעט זיך ניט אַמאָל די טריף־פסול'ע געזונטע נאַציאָנאַ־לע פאַרב אין זיי.

געוויסע בונדיסטן גייען נאָך ווייטער. ניט נאָר זיינען יידן אַ נאַציע, נאָר אַ וועלט־פאָלק. מיט שיער־ניט אתה בחרתנו־אַטריבוטן, אן אור לגוים, דער זייער־טייג פון דער וועלט. מיר זיינען די טרעגער פון אַ וועלט - מיסיע און אַז. וו. און די דאָזיקע בונדיסטן (פון טיפּ טרונק,

איינהאָרן) ציטערן און פלאַטערן, טאָמער וועלן יידן, באַקומענדיק אַן איי־
גענע טעריטאָריע, ווערן אויס לונאַטיקער מיט וועלט־מיסיע־חלומות און
ווערן אַ פשוט פאָלק פון שעפסן־פיטערער, ערד־אַרבעטער און לאָקאָמאָ־
טיוו־פירער. „אונזער יידישער מהות איז וועלט־געשיכטע — טענה'ט
טרונק — מיר מוזן זיין אַ באַדייטנדיק וועלט־פאָלק. אַזוי האָט בלוטיק
באַשטימט אונזער שיקזאַל. אין דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון אונזער
לעבנס־ליניע מוזן מיר זיין ד אָ ס פ אָ ל ק פ ו ן ס אָ צ י אַ ל י ז ם
(י. טרונק, „סאָציאַליסטישע אימפּרעסיעס").

אויך דער פּראַקטיקער עמנואל נאָוואָגרודזקי, וואָס ווייכט פון דיכ־
טערישע וויזיעס ווי טרונק, איינהאָרן, באַקעמפט די ציוניסטן מיטן אַרגו־
מענט, אַז דערפאַר זיינען יידן געבליבן אַ פאָלק און ניט אונטערגעגאַנגען,
ווייל... זיי האָבן פאַרלוירן ארץ־ישראל („אונזער צייט", יוני 1941).
ס'איז יידן געשען אַ נס, וואָס גאָט האָט זיי צעשפּרייט צווישן די אומות.
אַ אַלטער אַרגומענט פון די דייטש־יידישע מיסיאָן־טרעגער און ער קלינגט
זייער עקזאָטיש אין מויל פון אַ בונדיסטישן היסטאָרישן מאַטעריאַליסט.

דער רעגנבויגן פון בונדישע בליקן אויפן מהות פון יידישער נאַציע
איז שוין צו פאַרשידנאַרטיק און שרעקלאַך ווייט פון ערדישער פשוט'קייט
ווי פון לאָגישן שכל־הישר. איין עקסטרעם האָט מורא צו שאַפן אַ שטענ־
דיקע פאַרבינדונג אפילו מיט... בונדיסטן פון אַנדערע לענדער, ווייל
דאָס שמעקט מיט אַנערקענונג פון אַ יידישן וועלט־אינטערעס; דער
צווייטער עקסטרעם מאַכט פון גאַנצן פאָלק סאָציאַליסטן, נישט נאָר פון
פּראָלעטאַריער (פרומע מאַרקסיסטן דאַרפן דאָ אויסשפּייען דריי מאָל)
און מאַכן פון אונז אַ וועלט־פאָלק, וואָס דאַרף טראָגן אויף זיך אייביק דעם
קרייץ פון וועלט־גאולה. אַ מין סאָציאַליסטישער „גוי קדוש". דער גע־
מיינזאַמער שטריך פון די ערד־און הימל־בונדיסטן, פון די בונדישע פּראַק־
טיקער און דיכטער־וויזיאָנערן איז דאָס רעאַקציאָנערע שלום מאַכן מיט
דער ווירקלאַכקייט, דאָס מורא־האָבן פאַר ראַדיקאַלע ענדערונגען, דאָס
קוקן אויף דער יידישער פאָלקס־מאַסע אַלס אָביעקט פון די וועלט־געשעע־
נישן אנשטאָט אַלס סוביעקט, אַלס דער רעוואָלוציאָנערער צעשטערער און
בויער אין זיין אייגענעם ווירקונגס־שטח, ביי זיין אייגענעם פאָלק.

ערליך האָט געלייקנט אין זיין וויכוח מיט דובנאָוו'ן דעם לעצטנס
באַשולדיקונג, אַז דער „בונד" באַטראַכט זיך ניט אַלס טייל פון יידישן

פאָלק, נאָר פאַר אַ טייל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. אָבער דובנאָוו׳ס פּראַגע, פאַרוואָס פאַראייניקט זיך ניט דער „בונד“ מיט אַלע דעמאָקראַטי־שע און פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין אונזער וועלט־פאָלק, פאַרוואָס פאַר־משפּט ער זיך אויף זעלבסט־איזאָלאַציע — די פראַגע איז געבליבן אָן אַ תשובה.

אין ליכט פון די יעצטיקע קריגס־געשעענישן ווערט די פראַגע נאָך דראַסטישער. דאָס ניט וועלן זיך באַטייליקן אין דעמאָקראַטישע יידישע וועלט־אָרגאַנען און גלייכצייטיק פאַלן כורעים צו דער אַנטיסעמיטישער מערהייט פון יעצט פאַנאַנדערגעלאָזענעם פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט און אים פאַרוואַרפן מיט ביטעם ווענן אַריינלאָזן אים אהין — איז דער הויך־פּונקט פון בונדישן מה־יפית, איז אַן אַטעסטאַט פון שווינדזיכטיקייט פון געדאַנק, די פילאָזאָפיע פון גייסטיקער אָרעמקייט. די שטאָלצע פאַרטיידי־קער פון נאַציאָנאַלן כבוד ווילן זיך נאָך אַריינכאַפּן אויף דער קומענדיקער שלום־קאָנפערענץ דורך אַ הינטער־טיר מיטן חסד פון דער פּוילי־שער דעלעגאַציע. זייט גדייט דערצו. וואָס טוט מען נישט פאַרן זיג פון די „אייביקע אמת׳ן“?

.3

„אויף די פעלדער פון שפּאַניע ווערט אויסגעפאָכטן דער מאָרגן פון דער יידישער מאַסע“ (מענדעלסאָן אין „אונזער צייט“, יולי־נומער). אָט אין דעם גייט עס טאַקע. דאָס איז אַן אָפּקלאַנג פון דער אַלטער בונדישער פאָרמולירונג, אַז די יידן זיינען דאָס אויל אויף די רעדער פון דער רע־וואָלוציע. ווי וואָלטן געקוקט דייטשע אַרבעטער, ווען זיי וואָלטן געהערט, ווי מען פּרעדיקט צו זיי, אַז זייער מאָרגן ווערט אויסגעפאָכטן אויף די פעלדער פון כינע, — ניט אויף די פעלדער פון דייטשלאַנד? אוודאי זיי־נען אינטערנאַציאָנאַלע געשעענישן געקניפּט און געבונדן און די גאַנצע וועלט איז איין שלאַכטפעלד אין קאַמף פאַר פרייהייט, אָבער אויפן דאָזיקן שלאַכטפעלד מוז יעדער אָפּשניט ווערן פאַרטיידיקט דורך אָרטיקע קעמ־פער און ס׳מוז ווערן געשאָסן מיט קוילן, ניט מיט ברכות און סימפּאַטיע־דערקלערונגען צו די קעמפער אין צווייטן עק וועלט. ס׳איז ניט קיין צו־פאַל, וואָס דער יידישער קעמפנדיקער אַנטייל אין יעצטיקן אַנטי־היטלער־

קריג וועט זיין פערזאָניפיצירט פאַר די קומענדיקע דורות דורכן אנטייל פון די א"י'דיקע יונגע יידן אין די בריטישע קאַמף־פאָרמאַציעס. דער אָנטייל פון יידן אין פאַרשידענע אַרמייען וועט ווערן פאַרגעסן, ער וועט אַלנפאַלס ניט ווערן דיסקאָנטירט אין דער געהעריקער מאָס ביי די שלום־פאַרהאַנדלונגען. אפילו די אמת'ע און אֶביסל אויספּאַנטאַזירטע בונדי־שע פּראָקלאַמאַציעס אין וואַרשעווער געטאָ וועלן זיין לייכט ווי שפּינ־וועבס אויף דער וואָג פון וועלט־געשיכטע. 10.000 קעמפנדיקע יידן אין א"י איז דער קלאָרסטער באַווייז, אַז דאָ און בעיקר ד אָ ווערט „אויס־געפאָכטן דער מאָרגן פון דער יידישער גאַס".

איז דערפאַר געוועזן טאָפּלט שמערצלאַך דער פאַקט, אַז יידישע אַרבעטער אין — דערווייל ניט אין מלחמה־אַריינגעטראָטענעם — אַמעריקע האָבן ניט באַגריסט די קעמפנדיקע יידישע מיליטער־גרופּן אין ארץ־ישראל און ניט געשטאַרקט די הענט פון האַלב־מיליאָניקן ישוב, וואָס שטייט אין פייער־פראָנט פון קאַמף.

דער „אַרבעטער־רינג" וועט זיך נאָך אַמאָל שעמען פאַרן דאָזיקן מאָמענט פון שוואַכקייט און מוטלאָזיקייט אין זיין געשיכטע און ער וועט קוקן מיט פאַראַכטונג אויף די פּוילישע בונדיסטן, וואָס האָבן אַ וואָגיקן חלק אין דער דאָזיקער חרפה. א"י'דיקע אַרבעטער זיינען דאָך ניט קיין כינעזער, פאַר וועמען מ'האָט זיך געריסן דעם יאַשטשיק אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין, מ'זאָל זיי איבערשיקן אַ דערמוטיקונגס־רעזאָלוציע. זיי זיינען דאָך קוים ציוניסטן — „פאַרבינדעטע" פון די אַנטיסעמיטן...

ציניזם קעגן ציוניזם. זיי האָבן ניט פאַרגעסן זייער טעמפּע שנאת־ציון אַפילו יעצט אונטערן קנאַל פון האַרמאַטן.

ווי זאָגט פּרץ:

„די קאָרנדלאַך צו הויך, די יידעלאַך צו קליין,
„האָבן זיי ניט געקענט דערלאַנגען."
אַך, די קליינינקע יידעלאַך!

.4

עס בלייבט נאָך קלאָר צו מאַכן נאָך אַ פראַגע. ווען רעפרעזענ־טירט אייגנטלאַך דער פּוילישער „בונד"? אין מעמאָראַנדום צו דער פּוי־

לישער רעגירונג ווערט געזאָגט: „מיר רעדן אין נאָמען פון דער מ ע ד־ה י י ט פון דער יידישער באַפעלקערונג פון לאַנד, ווייל אין איר נאָמען —ווי ס'האָבן ארויסגעוויזן די לעצטע שטאָטראַט־וואַלן — האָבן נ אָ ר מ י ר דאָס רעכט צו רעדן".

מיטן עסן וואַקסט דער אַפעטיט, זאָגט דער פראַנצויז. אָנגעהויבן האָט דער „בונד" אַלס פּאַרטיי פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, שפּעטער איז ער געוואָרן „זיין איינציקער פאָרשטייער", האַרט פאַרן קריגס־אויסברוך, אונטערן דרוק פון זיין זיג ביי די שטאָטראַט־וואַלן האָט ער זיך אָנגעהויבן טיטולירן „גרעסטע יידישע פּאַרטיי" און קומענדיק קיין אַמעריקע, האָט ער זיך מתקנא געווען אין די בלאָק־מעטאָדן פון געוויסע פּאָליטישנס און ער רעדט שוין ניט מער און ניט ווייניקער ווי אין נאָמען פון דער מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג פון פּוילן!

איז טאַקע כדאַי פעסטצושטעלן, ווי האַלט עס מיט דער דאָזיקער „מערהייט". ביי די ערשטע וואַל־קאַמפּאַניעס צום פּוילישן סיים, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויפן גרונט פון אַ דעמאָקראַטישער וואַל־אָרדינאַציע (1919-1922) האָט דער „בונד" באַקומען קרוב 80.000 שטימען. די אַנדערע יידישע פּאַרטייען — קרוב 500.000 שטימען. דער „בונד" האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, אָבער ער האָט ניט דורכגעפירט קיין איין מאַנדאַט. ניט בעסער איז געווען דער רעזולטאַט אין די שפּעטערע וואַל־קאַמפּאַניעס צום סיים.

דער רעזולטאַט פון די שטאָטראַט־וואַלן אין 1939 איז צוצושרייבן אַ רייע סיבות: 1) דער וואַל־אַקט איז געוואָרן באַטראַכט פון דער יידישער באַפעלקערונג ווי אַ דעמאָנסטראַציע קעגן פאַרהאַסטן סאַנאַציע־רעזשים. די יידישער טעגלאַכער פּרעסע אין פּוילן. די צאָל מיטגלידער פון די ציוניסטען פון די לינקע פּאַרטייען. וואָלט געגאַנגען צו די וואַלן אַ קאָמוניסטישע ליסטע — וואָלט זי ביי די דעמאָלסטיקע פאַרהעלטנישן זיכער אָפּגעצויגן אַ זייער גרויסן טייל פון די שטימען, וואָס זיינען געפאַלן פאַרן „בונד". 2) געזיגט האָט ניט איין פּאַרטיי — דער „בונד", נאָר פּאַקטיש אַ בלאָק פון 3 פּאַרטייען: „בונד", לינקע פּ.־צ. און יידישע קאָמוניסטן (די לעצטע האָבן, ניט האָבנדיק קיין אייגענע ליסטע, געפירט אַ שאַרפע וואַל־אַגיטאַציע פאַרן זיג פון דער איינציקער אַרבעטער־ליסטע. 3) די וואַל־אָרדינאַציע איז געווען אַן אַנטי־דעמאָקראַטישע און זי האָט געגעבן

פרעמיעס די ליסטעס, וואָס האָבן געצויגן אַ גרעסערע צאָל שטימען. צע־נער טויזנטער יידישע שטימען, וואָס זיינען געפאַלן אויף אַנדרע יידישע פּאַרטייען, זיינען געוואָרן צוגערעכנט פאַר די ליסטעס פון סאַנאַציע, ענ־דעציע א. אַנד. דער וואַל־רעזולטאַט גיט ניט, אַלזאָ, קיין פולע אָפּשפּיג־לונג פון די פ אַ ק ט י ש ע כוחות־פאַרהעלטנישן אויף דער יידישער גאַס.

ביי די וואַלן אין מזרח־און מערב־גאַליציע, האָט דער „בונד" געהאַט, מיט געוויסע אויסנאַמען, אַ דורכפאַל. דעם דאָזיקן פאַקט מאַכן זיך שטענ־דיק פאַרגעסן די בונדישע סטאַטיסטיקער.

ביי די שטאָטראַט-וואַלן אין 1934 האָט דער „בונד" ניט באַקומען אפילו קיין 10 פּראָצענט פון די יידישע שטימען.

די וואַלן צו די יידישע קהילות, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין 1936 (אויך דאַן האָבן די „רויטע" געשטיצט דעם בונד") האָבן דעם „בונד" גע־געבן פון 10 ביז 20 פּראָצענט פון די שטימען. פון וואַנען נעמט עס אַלזאָ דער „בונד" אין זיין גרויסקייט־מאַניע, אַז ער רעדט אין נאָמען פון דער מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג?

נעמען מיר אַנדערע ציפערן. דער טיראַזש פון דער בונדישער טעג־לאַכער פּרעסע האָט באַטראָפן בערך 15 פּראָצענט פון טיראַזש פון דער יידישער טעגלאַכער פּרעסע אין פוילן. די צאָל מיטגלידער פון די ציוו־ניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָט באַטראָפן ביי 100.000 און צוזאַמען מיט ביידע גאַליציעס — ביי 140.000. די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" און קינדער ־ אָרג. „סקיף" האָבן געציילט ביי 20.000 מיט־גלידער. אין די העברעאישע „תרבות־שולן, ווי אין די שולן פון „מזרחי" און „אגודה" און אין די שולן פון „שולקולט", האָבן געלערנט ביי 150.000 קינדער, די צאָל קינדער אין די ציש"אָ-שולן, קאָנטראָלירטע דורכן „בונד", איז ביי 14.000.

מען קאָן נאָך ברענגען פיל אַנדערע ציפערן און באַווייזן וועגן דער לעבערלאַכקייט פון דער בונדישער באַהויפּטונג, וואָס קומט אין רעזולטאַט פון אַ גרענצלאָזער מעגאַלאָמאַניע.

ס'איז אפילו ניט אמת, אַז דער „בונד" האָט געפירט נאָך זיך די מערהייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. אין די טרעיד־יוניאָנס, אָרגאַני־זירטע אין „לאַנדראַט", אין וועלכן ס'האָבן אָנטיילגענומען „בונד", לינקע פּ.־צ. און רויטע, זיינען געווען אָרגאַניזירט, פאַרן קריג, ביי 80.000 יידי־

שע אַרבעטער. די טרעיד־יוניאָנס, וואָס זיינען געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון אונזער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַליין, האָבן געציילט 20.000 מיטגלידער. פון דער אַלגעמיינער צאָל: 100.000 יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער, זיינען 20.000 געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון אונזער באַוועגונג, ביי 40.000 — אונטער דער השפּעה פון די יידישע קאָמוניסטן און לינקע פּועלי־ציון. דער „בונד" קען אַלזאָ ניט באַהויפּטן מיט „דעצידירטער זיכערקייט", אַז די מערהייט יידישע אַרבעטער אין פּוילן האָט אָנגענומען דעם בונדישן פּאַרטיי־פּראָגראַם.

ס'איז כדאַי צום סוף צו ציען נאָך אַן אינטערעסאַנטן פּאַראַלעל צווישן פּוילן און ארץ־ישראל. אין פּוילן — 100.000 יידישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער ביי אַ יידישער באַפעלקערונג (פאַרן קריג) פון 3.250.000 נפשות, אין ארץ־ישראל — 123.000 מיטגלידער אין דער הסתדרות ביי אַ יידישער באַפעלקערונג פון קרוב 500.000. די ציפערן רעדן פאַר זיך.

אין אַ זאַמלונג פון מלחמה־קוריאָזן און געשיכטן וועגן פּאָליטישן בלאָף, וואָס האָט זיך זייער צעוואַקסן אין אונזער תקופה פון „הייליקן שקר", וועט די בונדישע „צופריזירונג" פון ציפערן און פאַקטן פאַרנעמען אַ חשוב'ן פּלאַץ. אין אינטערעס פון געזעלשאַפטלעכער טעראַפּיע מוז מען אויסהיילן דעם פּוילישן „בונד" פון זיין גרויסקייט־היסטעריע. ער וועט שוין באַלד נעמען רעדן אין נאָמען פון דער מערהייט פון אַלע יידן אין מזרח־אייראָפּע, אַלץ אויפן גרונט פון די שטאָטראַט-וואַלן אין וואַרשע אין יאָר 1939, ווען ס'הייבט זיך אָן, לויט דער מיינונג פון בונדישע פאַרברענטע חסידים, די נייע צייט־ערע פאַר דער מענטשהייט...

וואָס שנעלער דער „בונד" וועט זיך אויסהיילן פון זיין גרויסקייט־מאַניע — אַלץ געזונטער פאַר אים און פאַר „דער גרויסער מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג" אין פּוילן, אין וועמענס נאָמען ער רעדט.

# די מאָראַל פון 1-טן סעפּטעמבער

פון

## ע. ראַק

אין די אַלע פייערונגען, וועלכע וועלן פאָרקומען אין דעם טאָג פון ניצחון, וועט דער 1־טער סעפּטעמבער 1939 דערמאָנט ווערן מיט אַ באַזונדער אַכטונג. אין דעם טאָג האָט זיך אויפגעהויבן אַ לאַנד, כדי צו פאַרטיידיקן דאָס ביסל מענטשלאַך געוויסן קעגן ברוטאַליטעט, געוואַלט און רשעות. אין דער געשיכטע פון פוילן וועט דער 1-טער סעפּטעמבער פאַרבלייבן אַלס אָנזאָג פון אַ נייער תקופה פון אַ באַנייטן פּאַטריאָטישן גייסט און אויך אַלס צייכן פאַר שפּעטערדיקע דורות.

די יידישע מאַסן האָבן ביז צום 1־טן סעפּטעמבער געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זייערע רעכט. די איינציקע פאַרבינדעטע אין דעם קאַמף זיינען געווען די פוילישע אַרבעטער, אַ געוויסער טייל פון די פוילישע פויערים און אַ דינער שיכט פון דער אינטעליגענץ. די הערשנדע קליקע, וועלכע האָט מיט אַלע כוחות געשטרעבט צו דערשטיקן יעדע שטים פון אָפּאָזיציע, וואָס האָט נישט אויפגעגעבן דעם קאַמף פאַר דער פאַרטיידיקונג פון די דעמאָקראַטישע רעכט, האָט אין פאָדערגרונט פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן אַרויסגערוקט די יידן־פראַגע און אָנגעהויבן צו קאָנקורירן מיטן מיליטאַנטישן אַנטיסעמיטיזם פון די ענדעקעס. דאָס איז זיכער געווען די טראַגישסטע צייט פאַר

די יידישע מאסן, אָבער אויך נישט ווייניקער טרויעריק איז זי געווען פאַרן פּוילישן פאָלק.

דאָך ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס היטלער־לאַנד האָט געוואַגט אָנצוצינדן דאָס פייער פון קריג און צו שטעלן אין געפאַר די גאַנצקייט און אומאָפּהענגיקייט פון פּוילן, האָבן זיך אַלע געשטעלט צום קאַמף פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זייער מדינה. מיט אַן אומבאַשרייבלאַכן ענטוזיאַזם זיינען אַלע אַוועק אויף די פראָנטן, מיט אַ געוואַלטיקן ברען האָבן זיך אַלע אַריינגעוואָרפן אין פאַרטיידיקונגס־קאַמף אין די טעג פון דער באַלאַגערונג פון די שטעט וואַרשע און לעמבערג. עס האָט אַלעמען אַרומגענומען דאָס געפיל, אַז עס הויבט זיך אָן אַ נייע תקופה אין פּוילישן לעבן, די תקופה פון פעלקער־ליבע, וועלכע עס האָט באַזונגען אין זיינע שאַפונגען דער גרויסער דיכטער מיצקיעוויטש. די דאָזיקע פאַקטן זיינען זיכער אומבאַשטרייטבאַר און זיי דאַרפן איבערגיין אין דער געשיכטע פאַר די שפּעטערדיקע דורות, וועלכע וועלן געווים עטוואָס פון דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 לערנען.

די פּויליש־דייטשע פריינטשאַפטס־אָפּמאַכן פאַרן קריג האָבן זיך ניט נאָר באַנוגנט מיטן רעגולירן שכנות'דיקע באַציאונגען, נאָר האָבן געזאָלט אויך שאַפן אַ גייסטיקע התקרבות צווישן דעם פּוילישן פאָלק און דער היטלער־מדינה. די נאַצישע אידייען האָבן זיך דורך פאַרשידענע וועגן אַריינגעריסן אין דעם אינערלאַכן פּוילישן לעבן און באַקומען דאָרטן אַ שטאַרקן איינפלוס. די אָפטע קעגנזייטיקע באַזוכן פון פּוילישע און נאַצישע פירער האָבן געטראָגן נישט נאָר אַ דיפּלאָמאַטישן כאַראַקטער. זיי האָבן געזאָלט דורך אַ שטענדיקן קאָנטאַקט דערנענטערן די פּוילישע מדינה צו דער נאַצישער אידעאָלאָגיע. דער היינטיקער הערשער אין דעם אָקופּירטן פּוילן, פראַנק, האָט פאַר דער מלחמה געהאַלטן אין וואַרשע אַ לעקציע וועגן די „נייע יסודות פון דער דייטשער יוריספּרודענץ“. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז פּוילישע רעאַקציאָנערן זיינען געפאָרן אין בערלין שטודירן יידן־קענטניש אין דעם נאַצישן אינסטיטוט אונטער דער לייטונג פון ראָזענבערג'ן.

עס איז אָבער געקומען דער 1־טער סעפּטעמבער 1939 און דאָס פּוילישע פאָלק איז אַרויסגערופן געוואָרן צום קאַמף נישט בלויז מיטן מאָדערנעם „דראַנג נאָך אָסטען“ מצד די אייניקלאַך פון די דעראָבערישע

גערמאַנען פון די זייטן פון דער באַרימטער „שלאַכט ביי גרונוואַלד“, נאָר אויך מיטן מאָדערנעם דזשינגיס־כאַן, וועמענס האָרדעס זייען פאַרניכטונג און טאָטאַליטאַרע אויסראָטונג פון מענטשלאַכער קולטור און הומאַניזם. דאָס פּוילישע פאָלק האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די פאַרטיידיקער פון מענטשלאַכן פּראָגרעס און פרייהייט. עס האָט אויפגעלעבט די טראַדיציע פון יענע אַלטע צייטן, ווען דאָס פּוילישע פאָלק, קעמפנדיק קעגן די טאָטערן, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אַלס די שוץ־מויער פון דער אייראָפּעאישער קולטור און האָט אָפּגעהאַלטן דעם ווייטערדיקן מאַרש פון די מאָנגאָלישע באַרבאַרן אויף מערב. אויך דאָסמאָל האָט זיך דאָס פּוילישע פאָלק נישט אָפּגעזאָגט פון דער געשיכטלאַכער אויפגאַבע צו ווערן די שוץ־מויער פון אייראָפּע קעגן די מאָדערנע באַרבאַרן.

מיר ווילן נישט פאַרלייקענען, אַז דער באַרג־אַראָפּ פון דעם אינערלאַכן פּוילישן לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָך פריער, ווי היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. לאַנג פאַר דעם האָט מען אין פּוילן אָנגעהויבן ארונטערצורייסן דעם אויטאָריטעט פון פּאַרלאַמענט און מבטל צו מאַכן לעגאַל־געווייל־טע אינסטיטוציעס און געשטרעבט איינצופירן אויף זייער אָרט די „אויטאָריטאַטיווע מאַכט“. באַלד זיינען אויך געקומען דיסקרימינאַציע, אונטערדריקונג פון די נאַציאָנאַלע מינדרעהייטן און אַלץ מער וואקסנדע רעאַקציע. די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן האָבן אין דער פּוילישער מלוכה געבילדעט א 35-40 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און דאָך האָט זיך דאָס פּוילישע בירגערטום כסדר געהאַלטן פאַר די איינציקע און פּריווילעגירטע בעלי-הבתים און באַהאַנדלט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אַלס פּאַריער. הגם די פּוילישע מלוכה האָט אין פאַרשידענע אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן און אויך אויפן סמך פון דער אייגענער קאָנסטיטוציע, זיך פאַרפליכטעט צו שאַנעווען די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, האָט זי אָבער אין דער פּראַקטיק אָנגעווענדט די פּאָליטיק פון אונטערדריקונג און לגבי דער הילפלאָזער, עקסטעריטאָריאַלער און צעזייטער יידישער מינדערהייט — די פּאָליטיק פון אויסראָטונג און עוואַקואַציע.

די מלחמה האָט אַ סוף געמאַכט צו דעם אונטערשיד פון אַ פּריווילעגירטער מערהייט און כמעט רעכטלאָזע מינדערהייטן; ביידע האָט דער שונא אַוועקגעשטעלט אין איין געמיינזאַמען קאַמפּס־פראָנט. דאָס פייער

פון מלחמה פאַרלאַנגט פון אַלעמען צו פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט.

ביידע פעלקער האָט דער שונא אָנגעזאָגט אויסראָטונג, ביידע שמאַכטן אונטער דער ברוטאַלער הערשאַפט פון די נאַצישע באַנדיטן און ווערן אויף אַ באַרבאַרישן אופן געפּייניקט.

זאָל מען אָבער אויך געדענקען, אַז אויך ביידע פעלקער האָט דעם 1־טן סעפּטעמבער פאַראייניקט איין גורל און דער גייסט פון געמיינזאַמען קאַמף קעגן טיראַניע און אונטערדריקונג, — טאָ זאָל דער זעלבער גייסט ווערן דער יסוד פון זייער געמיינזאַמען ווידעראויפבוי אין דער פרייער צוקונפט.

# די יידישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק און דער קריג

פון

## מ. קאָבאַנסקי

מיט איייניקע וואָכן צוריק איז פּאָרגעקומען א געשעעניש, וואָס האָט געמאַכט די גאַנצע וועלט טראַכטן וועגן מאָרגן, וועגן ליכטיקערן מאָרגן, וועלכן מיר דערוואַרטן נאָכן פינצטערן היינט. דער צוזאַמענטרעף צווישן די פירער פון די צוויי גרעסטע וועלט־מאַכטן און די היסטאָרישע דעקלאַראַציע וועגן דער אנטשלאָסנקייט צו באַזיגן נאַצי־דייטשלאַנד און אויפשטעלן א נייע וועלט, האָבן פאַר דער אויסגעמאַטערטער וועלט אויפגעשיינט ווי א רעגנבויגן, וואָס וועט קומען נאָכן מבול און אָנזאָגן, אַז מיר הויבן אָן א ניי לעבן. און אויב אייראָפּע וועט דעמאָלט האָבן מער פאַרשטאַנד, וועלן אפשר די אכט פונקטן פון דער דעקלאַראַציע ווערן א נייע מאַגנאַ קאַרטאַ ליבערטאַטום, נישט פאַר אייינצלנע מענטשן, נאָר פאַר פעלקער, ווי ווילסאָנס פערצן פונקטן זייגען עס נישט געוואָרן, ווייל די וועלט איז נאָך נישט רייף געוועזן דערצו.

און איצט שטעלט זיך די פראַגע: וואו זיינען מיר, יידן, וואו קאָנען זיין מיר, אידן, אין דער נייער וועלט, וואו און ווי אזוי קאָנען מיר אַרויסשטעלן אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, מיר, אַלס א פאָלק, און מיר, אַלס בירגער, אַלס נאַציאָנאַלע גרופּעס אין פאַרשידענע לענדער.

מלחמות קומען געוויינטלאך פאר צווישן מלוכות, דאס הייסט צווישן ארגאניזירטע קערפערשאפטן, וואס באזיצן אייגענע טעריטאריעס, אייגע־נע אדמיניסטראציעס און אייגענע ארמייען. דאס ביז־איצטיקע אינטער־נאציאנאלע רעכט קען נישט קיין פעלקער, נאר מלוכות, ביי אינטערנא־ציאנאלע פארהאנדלונגען טרעט ארויס אלס צד א רעגירונג, אן אנערקענ־טע פירערשאפט פון א מלוכה.

אבער די היינטיקע מלחמה האט געענדערט אלע געזעצן פון אינטער־נאציאנאלן רעכט, סיי אין דער פראצעדור, סיי אין עיקר ענינים. דער נאציזם האט אנגעווארפן דער וועלט אן אופן פון קאמפן, וואס איז ביז איצט געווען אומבאקאנט אין דער געשיכטע. עס איז דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע, ווען א מלוכה קעמפט נישט בלויז מיט מלוכות, נאר מיט א פאלק, וואס האט נישט קיין אייגענע מלוכה. די נאצים קעמפן נישט בלויז מיט פוילן, מיט פראנקרייך, מיט ענגלאנד, רוסלאנד, נאר מיט די יידן; נישט מיט די יידן ,אלס בירגער פון די דאזיקע מלוכות, נאר מיט יידן, אלס א פ א ל ק. און די מלחמה־צילן בנוגע די יידן זייענען פיל ווייטער־גייענדיקע, ווי בנוגע אנדערע. דארט האנדלט זיך וועגן באהערשן, דא — וועגן אויסראטן.

דער דאזיקער פאקט, אז קעגן אונז ווערט געפירט א מלחמה, דארף זיין דער אויסגאנגס־פונקט פון אלע אונזערע באטראכטונגען וועגן מארגן נאכן קריג, ווען די זיגער וועלן זיך אוועקזעצן משפט'ן נאצי־דייטשלאנד און איינשטעלן א נייע ארדנונג אין דער וועלט. מיר זיינען נישט בלויז בירגער פון קריג־פירנדיקע מלוכות, מיר זיינען נשיט בלויז דער גרעסטער כוח אין א לאנד, וואס געהערט צו דער בריטישער אימפעריע, מיר זיינען אין דער ערשטער ריי א צד אין דער מלחמה. אין דער צאל קרבנות, וועלכע די מלחמה האט אונז געקאסט, שטייגן מיר, ליידער, פארהעלטנים־מעסיק איבער אלע אנדערע פעלקער, און אונזער אבסאלוט גענומען מיני־מאלער, אבער פראפארציאנעל גרויסער ביישטייער צו באזיגן דעם נאצישן משוגע'נעם הונט וועט אויך אויפגעדעקט ווערן נאך דער מלחמה פאר די אויגן פון דער גאנצער וועלט.

מיר זיינען, אלזא, א צד אין דער מלחמה. אן א לאנד, אן אן ארמיי אין געוויינטלאכן זין פון דעם ווארט, אבער א קריגספירנדיק פאלק. די אנערקענונג פון דאזיקן פאקט דארף זיין אונזער ערשטע און וויכטיקסטע

פאָדערונג צו דער וועלט, און דערפון דרינגען ארויס גאנץ ווייטגייענדיקע קאָנסעקווענצן.

לאָמיר זיך איצט אָפּשטעלן בלויז אויף איין זייט פון דער פראַגע.

עס איז לגמרי נישט קיין איבערטרייבונג, ווען מען זאָגט, אז די היינטיקע מלחמה, וועלכע איז נאָך ווייט פון פארענדיקן, האָט געבראַכט א חורבן אומעטום, וואו זי איז אדורך. גאַנצע לענדער ליגן אין חורבות, פארברענט, רואינירט, אויסגעליידיקט פון אַלע רייכטימער, אָן דער מינ־דעסטער מעגלאכקייט זיך צוריקצובויען מיט אייגענע כוחות. דער הויפּט־פּראָבלעם נאָך דער מלחמה וועט טאַקע זיין ווי אזוי צו ראַטעווען די צענטליקער מיליאָנען מענטשן פון הונגער, ווי אזוי צוריק איינצושטעלן א נאָרמאַל עקאָנאָמיש לעבן, פאַרזייען די פעלדער, לאָזן אין גאַנג די אינ־דוסטריע, דעם טראַנספּאָרט. ווער וועט דאָס פינאַנסירן?

פּוילן האָט שטאַרק געליטן פון דער מלחמה, אָבער די יידן אין פּוילן האָבן געליטן אויף א גאָר אַנדערן אופן. נישט אַלס בירגער פון א באַ־זיגט לאַנד, נאָר אַלס א נאַציאָנאַלע גרופּע. די מערהייט פּוילישע פּויערים איז געבליבן אויף איר ערד, אַרבעטער — ביי זייערע וואַרשטאַטן, סוחרים —אין זייערע געשעפטן, הגם אַלץ אין געהאַקטע צרות, אָבער אונזער ג אַ נ צ ע ווירטשאַפט איז חרוב געוואָרן, אַלץ איז פארניכטעט געוואָרן און אַלץ דאַרף מען אויפבויען פונדאַסניי.

ווען דאָס אויפגעלעבטע פּוילן וועט מיט דער הילף פון זיינע פאַר־בינדעטע זיך אָנהויבן ווידער שטעלן אויף די פיס, וועלן מיר אַוודאי פאָדערן אונזער חלק, אַלס בירגער פון לאַנד. אָבע מיר דאַרפן אויך פאָדערן פון דער וועלט אונזער חלק, אַלס איינס פון די געלי־טענע פ ע ל ק ע ר.

און ס'האַנדלט זיך דאָ נישט בלויז וועגן פּריוואַטן אייגנטום פון איינצלנע יידן. מיר האָבן נאַציאָנאַל, ריכטיקער געזאָגט מ ל ו כ ה 'ש, געליטן פון דער מלחמה. אונזער מלוכה'שע אויפבוי־אַרבעט איז פאַרן קריג געווען קאָנצענטרירט אויף ארץ־ישראל. דאָרטן האַלטן מיר אין שאַפן דעם מלוכה'שן צענטער פון יידן, אַלס פ אָ ל ק . אינם קריג און צוליב אים, איז אונזער אַרבעט דאָרט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. צוליב דער פאַר־ניכטונג פון יידישע ישובים, זיינען שטראָמען עולים און געלט, וועלכע זיינען געפלאָסן פון די אַלע לענדער, אין דער צייט פון דער מלחמה אָפּגעשוואַכט, צי אפילו אויסגעטריקנט געוואָרן, און וואָס שייך געלט,

וועט עס אזוי גיך נישט אָנהייבן צו פליסן אפילו נאָך דער מלחמה. עס שטייען, אלזאָ, פאַר אונז פיל וויכטיקע אויפגאַבן אין דעם געביט, און קודם־כל די פאָדערונג, אז דער קינפטיקער שלום־קאָנגרעס זאָל נעמען אין באַטראַכט די געוואַלטיקע יעצטיקע ליידן פון יידן, אלס פאָלק, וואָס לאָזן זיך נישט פארגלייכן מיט די „נאָרמאַלע" ליידן פון מלוכה'שע פעל־קער, און זאָל אונז ענדליך געבן די מיטלען און מעגלאַכקייטן, אונזער נאַציאָנאַל-מלוכה'שן ווידער־אויפבוי אין ארץ־ישראל פולשטענדיק צו רעאַליזירן.

דאָס איז איין פונקט פון די קאָנסעקווענצן, וועלכע דרינגען ארויס פון אונזער פונדאַמענטאַלער פאָדערונג צו דער נאָכ'מלחמה'דיקער וועלט: די אָנערקענונג פון יידישן פאָלק אלס קריגפירנדיקן צד. די קאָנסעקווענצן זיינען ריזיקע. און נאָר מיט דער דאָזיקער פאָדערונג, אפילו ווען ס'זאָל אונז נישט געלונגען זי אינגאנצן אדורכצופירן, קענען מיר פירן אן אמת'ע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, נישט קיין עני בפתח־פּאָליטיק, נאָר א פּאָליטיק פון א פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט מער, ווי דעם מאַקסימום, וואָס עס האָט געקענט געבן, און פאָדערט זיין חלק.

---

פ. ס. — שוין נאָכן אָנשרייבן דע סאַרטיקל האָבן מיר געהערט אין ראַדיאָ פרעמיער טשערטשילס רעדע, מיט דעם וואונדערבארן פאַטעטישן רוף צו אלע פעלקער, וואָס זיינען באזיגט געוואָרן פון נאַציזם און באזיג־טערהייט שטעלן זיי א ווידערשטאַנד, צו די נאָרוועגיער, טשעכן, פּאָליאַקן, פראַנצויזן, האָלענדער, בעלגיער, לוקסעמבורגער, יוגאָסלאַווער. צו די יידן —נישט. ווען וועלן שוין ענדליך די מלוכה-לייט זיך רירן פון א ט־ד ע ם טויטן פונקט?

# אויפֿן שוועל פֿון אַ נייער תּקופֿה

פֿון

וויקטאָר טשערנאָוו

דאָס זוכן די פּאָזיציע, וואָס דער סאָציאַליזם דאַרף פֿאַרנעמען בעת'ן קריג, איז שטענדיק געווען איינער פֿון די שווערסטע היסטאָרישע פּרואוון, ווענעמס דורכפֿאַל ס'פֿלעגט אונטעררייסן די עצם־יסודות פֿונם קיום סיי פֿון די באַזונדערע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען פֿון אינטערנאַציאָנאַל, אַזוי אויך דעם אינטערנאַציאָנאַל, אַלס גאַנצעס.

דער וועלט־קאָמוניזם האָט זייער פֿאַרייִנפֿאַכט פֿאַר זיך די דאָזיקע אויפֿגאַבע. מיט וועמען דער ראַטנפֿאַרבאַנד זאָל זיך נישט צוזאַמענשטויסן — צי דאָס איז די נאַצי־דייטשלאַנד, וואָס איז אים באַפֿאַלן, די זעלבסטשטענדיקע פֿינלאַנד, עסטלאַנד, לעטלאַנד, ליטע, אַפֿילו די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרוזיע — אַלץ איינס: די הייליקע פֿליכט „פֿון איין זייט באַריקאַדע" איז, צו גיין אין די רייען פֿון דער רויטער אַרמיי, אַריינדרינגען אין די גרענעצן פֿונם לאַנד, פֿאַרגיסן עס מיטן בלוט פֿון אירע פּאַרטייידיקער, אונטערוואַרפֿן דעם רעזשים פֿון דער פּעסטער, „אויפֿן באָלשעוויסטישן שטייגער אום'ברחמנות'דיקער" אָקופּאַציע, כּדי שפּעטער צו אַסימילירן עס מיטן ראַטנפֿאַרבאַנד. פּונקט אַזאַ הייליקע פּראָלעטאַרישע פֿליכט אויף „דער צווייטער זייט פֿון דער באַריקאַדע" איז — צו ווערן די „פֿינפֿטע קאָלומנע" פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד, אויפֿרייסן דאָס פֿאָטער־

לאנד פון אינעווייניק. וואָס שייך דעם קריג, אין וועלכן דער ראטנפאַר־באַנד באַטייליקט זיך נישט, — דאַרף ער גערעכנט ווערן, אלס „פרעמדער קריג" פאַרן סאָציאַליזם, אַלס אַ קריג פון צוויי אימפּעריאַליזמען. און ענדלאָך, אויב דער ראַטנפאַרבאַנד, ניט אנטייל־נעמענדיק אינם קריג, צו־ליב די אָדער יענע ריין־פּראַקטישע מאָטיוון, איז אַ „שטילער שותף" פון איין צד און באַזאָרגט אים מיט די נויטיקע פאַרן קריג מאַטעריאַלן, — דאַן דאַרף מען זיך שטעלן אויפן שטאַנדפּונקט פונם „קלענסטן בייז", פאַר־זיכטיק באַרעכטיקן טיילווייז איין צד און שטאַרק „דעמאַסקירן" דעם קעגנערישן צד.

די איינפאַכקייט פון דער דאָזיקער לעזונג פון דער פראַגע הינקט אונטער אין איין פונקט: במשך פון קריג טרעפט אמאָל, אַז מען דאַרף פּלוצים שנעל און שאַרף בייטן די פּאָזיציע. דער וועלט־קאָמוניזם האָט במשך פונם יעצטיקן קריג געדאַרפט אדורכמאַכן אַזאַ מעטאַמאָרפאָזע צוויי מאָל. צוערשט האָט ער אַטאַקירט דעם ענגליש־פראַנצויזישן בלאָק פאַר נישט־אנטשלאָסנקייט און קאַפּיטולאַנטישער פּשרה'דיקייט מיט היטלערן; ער האָט געפאָדערט צו שאַפן אַן אַנטי־פאַשיסטישן וועלט־פראָנט, פרעטענדירנדיק צו זיין דער אַוואַנגאַרד. שפּעטער האָט ער פּלו־צים קאַטעגאָריש פאַרורטיילט דעם זעלבן ענגליש־פראַנצויזישן בלאָק פאַר דערקלערן דעם 3־טן רייך אַן אימפּעריאַליסטישן קריג און פאַר פאַרציען אים עקשנות'דיק, טראָץ דער דייטשער גרייטקייט צו מאַכן אַ סוף צו דער בלוט־פאַרגיסונג. נאָכדעם האָט ער פונקט אַזוי שאַרף און אנטשלאָסן דערקלערט די נעכטיקע ענגלישע אימפּעריאַליסטן, אַלס העלדישע קעמ־פער פאַר פרייהייט און דעמאָקראַטיע, און יענע, וועלכע ער האָט נעכטן געהאָלפן — פאַר אַ בייזע אָנשיקעניש, קעגן וועלכער מ'דאַרף קעמפן אויף טויט און אויף לעבן ביז אַ זיגרייכן סוף. נאָך נעכטן האָט מען גע־רעדט וועגן דעם, אַז „אַ שטיקל וועג קאָן מען אדורכגיין צוזאַמען מיט פאַשיסטן", ביז צו צעברעכן דעם הויפּט־שונא — די סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע, צי אַפילו בכלל די דעמאָקראַטיע; און היינט לייגט מען פאָר — און צום וויפילטן מאָל! —דער זעלבער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַן „איינהייטס־פראָנט" קעגן דעם וועלט־פאַשיזם, — פּונקט ווי די סאָציאַליסטן וואָלטן פון פריער נישט געהאַט קיין ביטערע דערפאַרונג.

אַזאַ פּרינציפּלאָזע טאַקטיק, אַזאַ זיך כסדר ענדערנדער פּאָליטישער

געווינסן איז ניט נאָר פרעמד דעם סאָציאַליזם, נאָר איז פאַר אים אפילו אָפּשטויסנד.

נאָך די קאָמוניסטן גייען די לינקע סאָציאַליסטן פון דער „אויסטראָ־מאַרקסיסטישער שול“. ניט ערגער פאַר אַנדערע זעען זיי פיל, אויב ניט אַלע אָרגאַנישע פעלערן פון דער קאָמוניסטישער פּאָליטיק, סיי דער אי־נערלאַכער, אַזוי — און דערהויפּט — דער אויסערלאַכער. און וואָס איז דער חידוש, אויב נאָכן שלימזל'דיקן „פּאַקט פון מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ“ האָבן זיך פון קרעמל באַלד אָפּגעקערט פאַרביטערטע אַזויפיל אפילו הונ־דערט־פּראָצענטיקע קאָמוניסטן. זיי שרעקט אָבער די געפאַר פון צערייצן מיט דער ניט־געמילדערטער קריטיק די מאָסקווער מאַכט און געבן איר שוין צופיל קלאָר צו פאַרשטיין איר פּ ר ע מ ד ק ײ ט אינם וועלט־דעמאָקראַטישן בלאָק, ווען ערשט נעכטן האָט מען זי געדאַרפט צעקריגן מיט היטלערן און אריינציען אינם דאָזיקן בלאָק, און היינט — דאַרף מען זי איינהאַלטן אין אים.

צווייטנס, הערשט צווישן זיי, פונקט ווי פריער, די שרעק, אַז דער אַנגלאָ־זאַקסישער בלאָק, ליידנדיק כסדר מיסערפאָלגן אינם קריג אויף דער יבשה, זאָל ניט קאָנען ביישטיין דעם נסיון און זאָל מסכים זיין אויף אַ קאָמפּראָמיס־שלום, — בפרט, ווען אַ דאַנק די שלום־באַדינגונגען, וועט מערב־אייראָפּע ווערן געשווינט און דער שלום וועט געשלאָסן ווערן אויפן ח ש ב ו ן פ ו ן ר ו ס ל א נ ד (און בכלל אויפן חשבון פון סלאַ־ווניטום, ווענן וועלכן זיי טוען אַזוי ניט זאָרגן, וואָרום עס איז ניט געהיי־ליקט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער רעוואָלוציע). איבערן באַוואוסטזיין פון די דאָזיקע סאָציאַליסטן לאָסטן די רעמינעסצענצן פונם ערשטן וועלט־קריג און פון צימערוואַלד — אַזוי ווי די יעצטיקע מלחמה וואָלט געווען אַ המשך פון דער פריערדיקער, מיט אַ הפסקה פון אַ פערטל יאָרהונדערט.

דער יעצטיקער קריג איז אָבער לגמרי ניט יענער קריג. ער האָט ניט די זעלבע אַנטיילנעמער און עס שטייען פאַר אים אַנדערע וועלט־עקאָנאָ־מישע פּראָבלעמען. דאַן איז עס געווען אַ קריג פונם העכסטן אימפּעריאַ־ליסטישן אויפשטייג פון קאַפּיטאַליזם. יעצט איז אַ קריג פון קאַפּיטאַ־ליסטישן אונטערגאַנג, יעצט איז זיין טאָטאַליטאַר־עטאַטיסטישער אָדער דעמאָקראַטיש - סאָציאַליסטישער עפּילאָג. צימערוואַלד איז געווען אַ מעכטיקער קעגן־גיפט קעגן דער נטיה פונם פּלוצים־צעטומלטן דורכן דאַ־

מאָלסטיקן קריג סאָציאַליזם, אַרויפצושפּרינגען אין אַלע לענדער אויפן זיגרייכן רייטוואָגן פון זיין נאַציאָנאַלער רעגירונג, בכדי צו בויען אויף זיין זיג, אויף די געווינסן פונם זיג פון זיין נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַליזם דעם באַרג-אַרויף פון ז י י ן נאַציאָנאַלער, פּראָלעטאַרישער באַוועגונג. די סכנה, אַז דער סאָציאַליזם וועט פאַרלירן זיין אייגענעם פּרצוף — איז געווען יענע הויפּט־סכנה, וועלכע האָט דאַן געדראָט דעם סאָציאַליזם און קעגן וועלכער עס איז אַנטשלאָסן אַרויסגעטראָטן צימערוואַלד.

אַנדערע שפּעט־געבוירענע צימערוואַלדיסטן שטעלט ווייטער אין פאַרלעגנהייט די צענטראַלע ראָל, וואָס די בריטישע אימפּעריע שפּילט אינם אַנטיפאַשיסטישן בלאָק. ענגלאַנד — דאָס פאַטערלאַנד פון קאַפּיטאַליז מבכלל און בפרט פון אימפּעריאַליזם — שיינט פאַר זיי צו זיין די פאַרקערפּערונג פון יענער „דעמאָפּלוטאָקראַטיע“, מיט וועלכער עס שרעקן די אַרבעטער־וועלט די נאַצים און נעכטן האָבן, אין אוניסאָן מיט זיי, געשראָקן די קאָמוניסטן.

זיי פאַרגעסן אָדער זיי האָבן ביז יעצט נישט באַוויזן דורכצוטראַכטן די באַקאַנטע ווערטער פון ענדזשעל נאָרמאַן: „ענגלאַנד, וואָס פירט יעצט דעם קריג, — איז שוין ניט יענע ענגלאַנד, וואָס האָט דעם קריג אָנגעפאַנגען. אין ענגלאַנד איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע, — אַ פרידלאַכע, אַ פּאַרלאַמענטאַרישע, אָבער פונדעסטוועגן אַ רעוואָלוציע.“

די אַלטע ענגלאַנד האָט מורא געהאַט, ווי פאַר פייער, אַריין אין וועלכן ס'איז ניט „אידעאָלאָגישן בלאָק“. די יעצטיקע ענגלאַנד ווייסט, אַז דעם קריג קאָן מען געווינען נאָר אַלס גרויסע אידעאָלאָגישע מלחמה פאַר אַלמענטשלאַכע קולטור־און מאָראַל־ווערטן. יענע ענגלאַנד האָט ניט געוואָלט הערן פון עפּעס, וואָס זאָל זיין ענלאך אויף אַן „אידעאָלאָגישן קרייץ־צוג“ קעגן די מלוכות, וועמענס רעזשים איז אַ פאַרקערפּערונג פון אַטענטאַט אויף דער וועלט־דעמאָקראַטיע. די יעצטיקע ענגלאַנד עמפּינדעט דעם קריג, אַלס אַ מין בירגער־קריג אין דער אַלמענטשלאַכער משפּחה. ענגלאַנד איז נישט נאָר רעוואָלוציאָניזירט דורכן קריג, נאָר וועט רעוואָלוציאָניזירט ווערן אויך ווייטער, די אייזערנע לאָגיק פון די געשעענישן האָט איר באַוויזן, אַז אויב זי וועט באַזיגן דייטשלאַנד — איז ניט מיטן פּשוט'ן איבערגעוויכט פון די טעכנישע מיטלען פונם „מאַשין־קריג“, נאָר מיטן קריג גופא, מיטן אויפשטאַנד פון אַלע אונטערדריק־

טע קאָנטינענטאַלע נאַציעס, ניט אויסשליסנדיק, מעגלאך, אַז אויפשטאַנד, אַז אינערלאכן רעוואָלוציאָנערן קראַך פון 3־טן רייך גופא.

יאָ, ענגלאנד רעוואָלוציאָניזירט זיך דורכן קריג, וואָס מ׳קאָן, לײדער, נישט זאָגן וועגן ראַטנפאַרבאַנד, וועמענס איבערגאַנג פונם טאָטאַליטאַרן לאַגער אין דעמאָקראַטישן איז ניט באַצייכנט געוואָרן מיט קיין שום מינדעסטן שריט אויפן וועג פון אינערלאכער דעמאָקראַטיזאַציע. די צימערוואלדיסטן, וואָס בלאָנדזשען איבער דער וועלט, אַלס לעבעדיקער אַנאַכראָניזם, האָבן נאָך אַלץ מורא פאַר אַ סעפּאַראַטן אַנגלאָ-זאַקסיש־גערמאַנישן שלום אויפן חשבון פון רוסלאַנד. אַביסל מער געפיל פאַר אונזער רעאַלער צייט וואָלט זיי דיקטירט מורא צו האָבן פאַר אַן אַנדער זאַך: פאַר סטאַלינס צוריקקער אויפן וועג מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ, פאַר זיין קאַפּיטולאַציע אין דער אַטמאָספער פון אַ גרויסער מפּלה, פאַר זיין אַרויפגיין אויפן וועג פון הונדערט־פּראָצענטיקער „מיטאַרבעט" מיט היטלערן אין גייסט פון לאַוואַל־פּעטען־דאַרלאַן.

באַדייט עס אָבער, אַז דער סאָציאַליזם דאַרף ווערן אַ פּשוט׳ער צוגאָב צום אַנגלאָ־זאַקסישן בלאָק, און אַז די פאָדערונגען פון סאָציאַליזם דאַרפן צונויפפאַלן מיט די 8 פּונקטן פון רוזוועלט און טשערטשיל?

ניין, דאָס הייסט, אַז דער סאָציאַליזם דאַרף גיין אין אַוואַנגאַרד פון דאָזיקן בלאָק, פאָרזעצנדיק די אַרבעט פון דער פרידלאכער רעוואָלוציע, וואָס ער און דער גאַנג פון דער געשיכטע האָבן שוין אָנגעהויבן. דער סאָציאַליזם אונטערשטיצט אין אַלגעמיין די 8 פּונקטן, אָבער ער פאַרגעסט ניט, אַז רוזוועלט און טשערטשיל זיינען אין די פּונקטן געווען געבונדן מיט זייער לאַגע, זיי האָבן גערעדט ניט פאַר זיך, נאָר פאַר אומגעהייערע מלוכות, פאַר אַ פאַרשידנאַרטיקן קאָנגלאָמעראַט פון כוחות, וועמענס פאַרהעלטעניש עס האַלט זיך אין איין ענדערן.

אַנדערש איז מיטן סאָציאַליזם. ער דאַרף פאַרלויפן דעם גאַנג פון נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און דאַרף מיט זיין גייסטיקן בליק אַריינקוקן אַזוי ווייט, ווי עס דערלויבן די אָפּטימאַלע מיטלען פון אונזער אַנאַליז און פּראָגנאָז. זיין פּראָגראַם איז — אַ „פּראָגראַם-פּערספּעקטיוו", אין וועלכער די באַזונדערע רעפאָרמען גיסן זיך צונויף אין אַ רעוואָלוציאָנערער רעפאָרם, וועלכע ברענגט מיט זיך באַנייונג און ווידער־אויפלעבונג.

רוזוועלט און טשערטשיל זיינען פאָרזיכטיק אין זייערע פּונקטן.

אמת, זיי ריידן וועגן „ענדגילטיקער פארניכטונג פון דער נאַצישער טיראַ־ניע". זיי שטעלן איר אנטקעגן קאָלעקטיווע זיכערקייט אין דער סטאַבי־ליזירטער וועלט. פּאָרזעצנדיק און קאָנקרעטיזירנדיק דעם דאָזיקן גע־דאַנק, דארפן מיר ריידן וועגן שאפן אין דער גאנצער וועלט א פעסטע רעכטלאַכע אָרדנונג, וואָס זאָל זיין פּונקט אזוי פארפליכטנד פאר אלע פעלקער, ווי די אינערלאכע נאַציאָנאַלע געזעצגעבונג איז פארפליכטענד פאַר באַזונדערע בירגער. אזא רעכט־אָרדנונג דאַרף ניט דערלאָזן, אַז אין קיין שום ווינקל פון ערד־קוגל זאָל אנטשטיין אָן אָרטיקע טיראַניע, וועלכע שטרעבט שטענדיק צו אַנטוויקלען זיך אין אַן אוניווערסאַלער.

ביידע פּרעזידענטן ריידן וועגן רעכט פון ידן פאָלק אויסצוקלייבן זיך די אָדער יענע רעגירונגס־פאָרם. דאָס איז פארשטענדלאַך, — אָבער אין די גרעניצן פון קלאָרע נאָרמעס פונם נייעם אינטערנאַציאָנאַלן רעכט, וועלכע קאָנען און דארפן אומעטום שיצן אויף א גלייכן אופן, סיי די „אומאָפּנעמבארע רעכט פון מענטש און בירגער", אזוי אויך די רעכט פון די מינדערהייטן און די עיקר'דיקע פּערזענלאכע און געזעלשאפטלאכע פרייהייטן. דאָס דאַרף זיין א טייל פון דער וועלט־קאָנסטיטוציע. לויט איר, דאַרף יעדעס פאָלק באַקומען פאַר זיך דאָס רעכט אויף אַלץ, חוץ פאר'משפּט'ן זיך אויף פּאָליטישער און ציווילער רעכטלאָזיקייט. אזוי קאָן יעדער בירגער פון א ציוויליזירטער מלוכה טון מיט זיך אַלץ, חוץ פאַרקויפן זיך אַלס שקלאַף, אָדער פארדינגען זיך אַלס לייב־אייגענער קנעכט, וואָס עס איז פארווערט דורכן געזעץ.

ביידע פּרעזידענטן ריידן וועגן זייער אכטונג צו דער סואווערעניטעט פון די באַזונדערע מלוכות, אויף וויפיל זי ווערט ניט אָן א פרעמדע סו־ווערעניטעט. העכער פון די אַלע סואווערעניטעטן, וועלכע זיינען אייגנט־לאך ניט מעטאפיזיש־אבסאָלוטע, נאָר רעלאַטיווע, — דאַרף אוועקגע־שטעלט ווערן אַן איבער־סואווערעניטעט פון דער סאָלידאַריזירטער מענטשהייט, אַלס גאַנצעס, אָדער פון סאַנקציאָנירטע דורך איר סופּער־מלוכה'שע אינסטיטוציעס.

ביידע פּרעזידענטן האָבן געהאַלטן פאַר בעסער ניט צו ריידן וועגן דער „פעלקער־ליגע", וועלכע האָט ניט באַרעכטיקט די האָפנונגען, וואָס זיינען אויף איר געלייגט געוואָרן. אָבער אַן אַלגעמיינע רעכטלעכע אָרגאַ־ניזאַציע פון דער מענטשהייט פאָדערט, אַז עס זאָל אויפגעלעבט ווערן די

אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע „מלוכה איבער מלוכות", — אָן דעם פריער־דיקן רעכט אַריינצוגיין און אַרויסצוגיין, ווען עס ווילט זיך און ווען עס גלוסט זיך.

די ביידע פרעזידענטן, רעדוצירנדיק זייערע דעזידעראַטן צו אַ פּאָר־זיכטיקן מינימום, ריידן גאָרניט וועגן די קאָנקרעטע באַציונגען פון מלוכה און נאַציע, וועלכע האָבן אין דער יעצטיקער אייראָפּע אָנגענומען אַ באַזונדערס געשפּאַנטן און קראַנקהאַפטן כאַראַקטער. פאַר אונז ליגט אָבער טאַקע דאָ דער שורש פון דער פראַגע וועגן קריג און פרידן. אויב אַמאָל האָבן די פעלקער פאַרגעשטעלט מיט זיך שאַרף אָפּגעזונדערטע בלאָקן, ווערן אָבער יעצט אויף זייערע פעריפעריעס כסדר געשאַפן און פאַרברייטערט די זאָנעס מיט אַ געמישטער באַפעלקערונג. דער וועלט־ראַסיזם באַמיט זיך אומזיסט צו דרייען צוריק די ראָד פון דער געשיכטע, ניט נאָר אַרויסשיקנדיק פון „זיינע" לענדער די פרעמדע מינדערהייטן אין צוריקרופנדיק זיינע מינדערהייטן פון די פרעמדע לענדער, — נאָר אויך אַריינמישניק זיך אין די הייראַטן, כדי איינצוהיטן די כלומר'שטע „ראַסן־ריינקייט". די שאַרפקייט פון די נאַציאָנאַלע סכסוכים אין די געמישטע זאָנעס קאָן, פאַרשטייט זיך, אָפּגעשוואַכט ווערן דורכן אַריינ־פירן אומעטום דעם איינהייטלאַכן אינטערנאַציאָנאַלן סטאַטוט פון שיצן מינדערהייטן און דורך קאָנטראָלירן זיין אָנווענדונג דורך העכערע, אינ־טערנאַציאָנאַלע אינסטאַנצן. פונדעסטוועגן וואָלט ראַדיקאַל געלעזן די פראַגע נאָר דאָס אָפּטיילן די נאַציע פון דער מלוכה, לויטן מוסטער פון אָפּטיילן די קירכע פון דער מלוכה, ווי דער בורזשואַזער ליבעראַליזם האָט עס געטאָן: די מלוכה דאַרף ווערן דענאַציאָנאַליזירט און די נאַ־ציע — אַנט'מלוכה'שט.

אָן דעם אַלעמען וועט די „נייע אייראָפּע" בלייבן אַ פּוסטע פראַזע, אָדער, נאָך ערגער, אַ צודעק פאַר אַ מער צי ווייניקער פאַרמאַסקירטן אימפּעריאַליזם פון אַ וועלכער ס'איז דעליקאַט אדורכגעפירטער העגעמאָ־ניע. געוויס, אויב מ'וואָלט אומבאַדינגט געדאַרפט אויסקלייבן, וואָלטן מיר די העגעמאָניע פון די פאָרגעשריטענע דעמאָקראַטישע לענדער אדורכגעטראָגן גערנער, ווי די העגעמאָניע פון די מאָדערנע „מאָטאָריזיר־טע אַטילעס". אָבער די אויפגאַבע פון סאָציאַליזם איז — אָרגאַניזירן די סאָלידאַריזירטע מענטשהייט אויף שטרענג רעכטלאַכע יסודות, וואָס

שליסט אויס יעדע העגעמאָניע, חוץ דער מאָראַלער העגעמאָניע, וועלכע דרינגט אַרויס פונם אָפּטימאַלן קולטור־ווערט פונם פאָלק, וועלכער האָט איבערגעיאָגט אַלע אַנדערע פעלקער און וועלכער פאָדערט ניט דערפאַר פאַר זיך קיין שום מאָנאָפּאָליעס און קיין שום פּריווילעגיעס.

ביידע פרעזידענטן ריידן — אין סאַמע אַלגעמיינע שטריכן — וועגן דעם סאָציאַלן אינהאַלט פון די דעמאָקראַטישע מלוכות, — וועגן דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וועגן צוטריט צו די וועלט־קוואַלן פון רוי־שטאָפן, וועגן פאַרבעסערטע אַרבעטס-סטאַנדאַרטן, וועגן אַן עק־זיסטענץ „אָן שרעק און אָן נויט". די אַלע פראַגן געהערן צו דער ספּע־ציעלער קאָמפּעטענץ פון סאָציאַליזם, וועלכער איז שטענדיק געווען דער הויפּט־פירער צו סאָציאַל־עקאָנאָמישער גלייכקייט.

דער סאָציאַליזם דאַרף פאַרשטיין זיין וועזן, אַלס קאָנסעקווענט אַדורכגעפירטע עקאָנאָמישע דעמאָקראַטיע. סאָציאַליזם הייסט ניט פאַר־וואַנדלען דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַליזם אין אַ טאָטאַליטאַר־עטאַטיסטישן. עקאָנאָמישע דעמאָקראַטיע, אין אונטערשייד פון דער מלוכה'ש־פּאָליטי־שער, איז אַ פונקציאָנעלע דעמאָקראַטיע. די אַלגעמיינע אָר־גאַניזירונג פון די מענטשן, אַלס געברויכער, מיט איר קעגנזייטיקער אָפּ־הענגיקייט פון דער אַלגעמיינער דיפערענצירטער אָרגאַניזאַציע פון די מענטשן, אַלס פּראָדוצענטן; איר נאַטירלאַכער, אויטאָנאָמער פעדעראַליזם און קאָרפּאָראַטיוויזם ליגן אין אַן אַנדער פלאַכע פונם היעראַרכישן און צענטראַליסטישן פּרינציפּ פון דער מלוכה.

אָן קלאָר אוועקשטעלן און קאָנסעקווענט לעזן די דאָזיקע פראַגע— איז נישטאָ קיין סאָציאַליזם אין אונזער תקופה, — אין דער תקופה פון אַנטאַרטונג און אונטערגאַנג פון קאַפּיטאַליזם, וועלכער קאָן ליקווידירט ווערן נאָר אויף צוויי קעגנזעצלאַכע וועגן: אָדער פון טאָטאַליטאַרן עטאַ־טיזם, אָדער פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

דער אינטערנאַציאָנאַל לעבט אַדורך אַ גראַנדיעזן קריזיס. אָבער טיילווייז איז עס אַן אויסערלאַכער קריזיס, אין וועלכן ער איז אַריינגע־צויגן געוואָרן דורך דער אַלגעמיינער קאַטאַסטראָפע. זי האָט געטראָפן די גאַנצע אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע, וואָס איז אין איר אורשפּרונג אַ הו־מאַניטאַרע און דעמאָקראַטישע און געפינט זיך יעצט אונטערן דרוק פון אַן אַנדער קוואַזי־ציוויליזאַציע, אַן אויטאָריטערער, טאָטאַליטאַרער און

דיקטאטאָריש־טעראָריסטישער. ווען דער „מאָטאָריזירטער אטילא“ וועט צעקלאַפּט ווערן דורך די כוחות פון דער וועלט־דעמאָקראַטיע — וועט דער יעצטיקער קריזיס תיכּף פארביטן ווערן דורך א מעכטיקן שטויס צו א נייעם אויפשטייג און פאנאנדערבלי.

פאראן אָבער אין אים אויך א חלק פון אינערלאכן קריזיס. ער איז אנטשטאנען, ערשטנס, דורכדעם, וואָס אינם סאָציאליסטישן לאַגער פארשטייט מען ניט געגוג דעם דעמאָקראַטישן און הומאניטאַרן מהות פון אונזער סאָציאליזם. פון דעם זיינען געקומען די אנדרוגנוס־פאָרמען פון באָלשעוויסטישן קאָמוניזם, וועלכער פארייניקט טאָטאליטאַרע פּרינ־ציפּן פון טעראָריסטישער טיראַניע מיטן אויסגלייכונגס־לאָזונג פון סאָ־ציאליזם. די אינערלאכע סתירות פון דער אידיי פון איינהייטלאכן פראָנט פון אינטערנאציאָנאל מיטן קאָמינטערן דערפירט די גייסטיקע צעמישונג, וואָס קומט אדוים פון דעם, צום העכסטן פּונקט.

צווייטנס, איז דער קריזיס אנטשטאנען צוליב דער קאָנסטרוקטיווער אומרייפקייט פון סאָציאליסטישן פּאציפיזם, פון זיין ריין־נעגאַטיווער פּראַקטיק. אָבער די ניט־רייפקייט וועט שנעל פארשווינדן, זי ווערט שוין פארשוואונדן, אין דער מאָס, ווי דער סאָציאליזם גרייט זיך צום קינפּ־טיקן שלום־קאָנגרעס. מ'דאַר נאָר, אז פון אבסטראַקטע פּרינציפּן זאָל ער אריבערגיין צו דער קאָנקרעטער אויסארבעטונג פונם קינפטיקן שלום־טראַקטאַט, פונם סטאַטוט פון דער נייער אייראָפּע. דורכדעם וועט דער סאָציאליזם באווייזן, צי ער איז ווירקלאך רייף געוואָרן, כדי אָנצופירן מיט דער וועלט, אָדער צווישן דער שקיעה פון קאפּיטאַליזם און דעם זון־אויפגאַנג פון סאָציאליזם שטייט אונז נאָך פאָר א לאַנגע תקופה פון א טיפן נעפּל, ווען מען דאַרף זוכן דעם וועג, טאַפּנדיק אין דער פינצטערניש און ווען מען קאָן אזוי לייכט פארבלאָנדזשען...

# אונזער אַרבעט פאַר רעטונג און פּליטים־הילף

פון

**ל. פּעק**

נישט אין שטילע, רואיקע טעג, אין נאָרמאַלע צייטן, ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען קען מען פעסטשטעלן דעם כוח פון אַן אידייע, די אויסגע־האַלטנקייט פון אַ באַוועגונג, די עקשנות פון אירע טרעגער, נאָר אין צייטן פון שטורם און כאַאָס, אין טעג פון סכנות און געפאַרן, פון בלוטיקע קאַשמאַרן — אין אַזעלכע טעג ווערן מענטשן פון באַוועגונגען געשטעלט צום נסיון, צום פּרוביר־שטיין פון אויסגעהאַלטנקייט, צי די אידייען און אמת׳ן, וועלכע זיי האָבן תמיד געפּריידיקט, זיינען טאַקע זייער לעבנס־אינהאַלט, פאַר וועלכן זיי זיינען גרייט קרבנות צו ברענגען.

ווי אַ וואונדערלאַכע לעגענדע וועט אַמאָל דערציילט ווערן די העראָאישע געשיכטע פון אונזער באַוועגונג אין דער תקופה פון דער מלחמה, ווי אַזוי אין די בלוטיקע חורבן־טעג, ווען יעדע טעטיקייט איז פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות, האָבן אונזערע חברים אין די הונדערטער און טויזנטער נישט איבערגעריסן די אַרבעט, אומעטום אין די געפערלאַכסטע באַדינגונגען געטראָגן שטאָלץ דעם אמת פון אונזער אידעאַל אין הארץ און אין טאַט, האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן פאַר קיינע שוועריקייטן און קרבנות און כסדר פאָרגעזעצט די אַרבעט און דעם קאַמף פאַרן ציוניסטישן סאָציאַליזם, פאַר אידישער באַפרייאונג.

די שילדערונג פון דער שטראַלנדיקער, העראָאישער אונטערערדישער אַרבעט פון אונזער באַוועגונג אויף די שטחים פון די אָקופּאַציעס אין פּוילן ווערט באַזונדערס געגעבן אויף אַן אַנדער פּלאַץ. דאָ ווילן מיר נאָר פאַרצייכענען אַביסל פון די טעטיקייטן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך אונזערע חברים במשך פון די צוויי וואַנדערונגס־יאָרן זייט דעם אויס־ברוך פונם קריג, אין ווילנע און אין יאַפּאַן.

***

אין די שווערע טעג פון פּלוצלינגן שרעקלאַכן חורבן פון דער פּוילי־שער מלוכה און קאַטאַסטראָפע פון פּוילישן יידנטום, איז אונזער באַוועגונג ניט אַנטמוטיקט און צעבראָכן געוואָרן, נאָר געבליבן פעסט און שטאַרק, פול מיט האָפנונג און גלויבן אין נצחון פון אמת און גערעכטיקייט. מיט ענערגיע און עקשנות האָבן די חברים זיך גלייך געוואָרפן אין דער אַרבעט פון הילף און רעטונג, פון אויפבוי און עליה. אין יעדן מאָמענט, אויף יעדן פּלאַץ, ביי אַלע באַדינגונגען, וואו ס'איז נאָר טויטיק געווען הילף, האָבן זיי זיך געשטעלט צו דער אַרבעט מיט איבערגעגעבנקייט און מסירות־נפש. אומעטום זיינען זיי געווען די פּיאָנערן, די פאָרגייער פון דער מחנה, און תמיד גענומען אויף זיך די לאַסט פון הילפס־אַרבעט פאַר דעם גאַנצן יידישן כלל. און אין די שווערסטע, טראַגישסטע טעג איז, אַ דאַנק אונזערע חברים, פיל געשאַפן געוואָרן אויפן געביט פון רעטונג און הילף.

***

ווען מיר זיינען אין די ערשטע טעג פון אָקטאָבער 1939 נאָך לאַנגע און שווערע וואַנדערונגען אָנגעקומען קיין ווילנע, זיינען דאָרט געווען בלויז געציילטע הונדערטער פּליטים. פון אונזער באַוועגונג נאָר עטלאַכע צענדליק חברים. דאָס ערשטע, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן טאָן, איז געווען צו זען וואָס מער מענטשן אַרויסצוראַטעווען פון די אָקופּאַציע־געביטן און זיי אַריבערברענגען קיין ווילנע. ס'זיינען אַרויס־געשיקט געוואָרן שליחים אין די פאַרנומענע געביטן, אַנצוזאָגן די חברים,

זיי זאָלן אריבערקומען אין וואָס גרעסערע צאָלן און וואָס שנעלער. צו די גרעניץ־פּונקטן זיינען געשיקט געוואָרן חברים צו הילף און אינסטרוקציעס.

די סאָוועטיש־ליטווישע גרעניץ איז געווען אָפּגעשלאָסן. פון ביידע זייטן גרעניץ האָט געדראָט א געפאר פארהאַלטן צו ווערן און שווער באַשטראָפט צו ווערן. די ראטן־מאכט האָט באַשטראָפט פאר שמוגלען די גרעניץ מיט יאָרן טורמע אָדער מיט פארשיקונג קיין סיביר. די ליטווישע מאכט פלעגט ארעסטירן און צוריקשיקן צום סאָוועטישן גרעניץ. געפאַרן און סכנות האָבן געלויערט אויף די לאנג־אויסגעצויגענע גרעניץ־וועגן, און דאָך — האָבן אין געציילטע וואָכן אריינגעשטראָמט פון די אָקופּירטע שטחים, דורך אָט־די סכנות׳דיקע וועגן און געפערלאכע גרעניצן, אין קאַלטע פראָסטיקע ווינטער־נעכט, איבער צוויי טויזנט חלוצים און חלוצות אין דעם עיר-המקלט — אין ווילנע. א טייל פון זיי זיינען אָנגעקומען קראַנקע, מיט אָפּגעפרוירענע פיס, א טייל ערנסט־פארקילטע, וועלכע זיינען גלייך אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל.

די טויזנטער יונגע חברים פון דער חלוצישער און פארטייאישער מחנה זיינען סטימולירט און באוואויגן געוואָרן צו אנטלויפן פון זייערע היימען, זיך שיידן מיט זייערע עלטערן און פאמיליעס, אָן אויסזיכטן צו באקומען אין דער אָרימער חרוב׳ער יידישער ווילנע ארבעט און ברויט— נישט דורך שרעק פאר זייער פיזישן קיום, נישט דורך מורא פאר הונגער אָדער פאר טורמע און פארשיקונג אונטער די אָקופּאנטן, — נאָר דורך זייער שטארקן דראנג נאָך פרייהייט, דורך זייער בענקשאפט צו ארץ־ישראל, צו א פרייען יידישן לעבן, דורך זייער הייסן באגער אקטיוו זיך צו באַטייליקן אין דעם איצטיקן גרויסן וועלט־קאַמף פאר פעלקער ־ און מענטשלאכער פרייהייט. אָט־די גרויסע בענקשאפטן האָבן געגעבן כוח און גבורה די טויזנטער חברים פון „החלוץ״ און פון דער פארטיי, אַלע סכנות און שטערונגען צו איבערווינדן.

צוזאמען מיט דעם חלוציש־ציוניסטישן שטראָם, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס פון פוילן, האָבן אויך אָנגעהויבן שטראָמען פיל הונדערטער, הונדערטער פון אנדערע קרייזן, ישיבה־בחורים, רבנים, פּאָליטישע און געזעלשאפטלאכע טוער א. א. די פּליטים־מחנה האָט זיך צעוואקסן. עס זיינען אנטשטאנען פראַגן פון אָרגאַניזירן הילף פאר די פליטים, באַזאָרגן זיי מיט עסן, וואוינונגען, קליידונג, מע־

דיצינישע הילף, העלפן אריבערברענגען די פאמיליעס. כמעט אַלע זיינען געקומען באָרוויס און נאַקעט — אָן א גראָשן געלט. מיר האָבן דאַן אויס־געאַרבעט אַן אַרבעטס־פּלאַן.

דער פּלאַן אונזערער האָט אַרומגענומען די פאָלגנדע געביטן: 1) סאָ־ציאַלע הילפס־טעטיקייט; 2) קאָנטאַקט מיט די אָקופּירטע געביטן; 3) עמי־גראַציע און עליה; 4) היסטאָרישע אַרבעט. די דאָזיקע אַרבעטס־געביטן זיינען צעטיילט געוואָרן צו באַזונדערע חברים, וועלכע האָבן געדאַרפט אין די באַטרעפנדע אינסטיטוציעס די אַרבעט אָנפירן און אָרגאַניזירן.

## 1. סאָציאַלע הילפס־טעטיקייט

אין ווילנע האָבן זיך קאָנצענטרירט איבער צען טויזנט פּליטים. די גרעסטע העלפט האָבן געהערט צו אָרגאַניזירטע גרופּן: 2500 ציוניסטן און חלוצים, בערך 2000 ישיבה־לייט און רבנים, איבער 200 „בונד" און קרוב 1000 פון אַנדערע פּאַרטייען. אויך פון די ניט־אָרגאַניזירטע זיינען געווען אַ גרויסער טייל מענטשן, וועלכע זיינען ביז דער מלחמה נישט אָנגעקומען צו קיין הילף און שטיצע. די אַלע מענטשן זיינען פּלוצים אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען, פון זייער אַרבעט און באַשעפטיקונג און גע־צוואונגען געוואָרן זיך צו ווענדן נאָך געזעלשאַפטלאַכער הילף. עס האָט אַלעמען געדראָט אַ פיזישער און מאָראַלישער צוזאַמענברוך. די דאָזיקע גרויסע און פאַראַנטוואָרטלאַכע אַרבעט איז אָנגעטרויט געוואָרן מצד דער קהילה אַ קליינעם קאָמיטעט, אין וועלכן אונזערע חברים האָבן פאַרנומען אַן אָנפירנדן פּלאַץ.

כדי צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די שווער־געטראָפענע פּליטים, זיי זאָלן זיך ניט פילן שלעכט ביים באַקומען די שטיצע, איז די הילף פאַרטיילט געוואָרן, לויט די פאַרשידענע גרופּירונגען, — פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע. יעדע גרופּירונג האָט געהאַט איר ספּעציעלע קיך פאַר זיך, וועלכע האָט גלייכצייטיק אויך געדינט אַלס קלוב פאַר אירע מיטגלי־דער, אַלס היים זיך אויסצולעבן קולטורעל און געזעלשאַפטלאַך. די גאַנצע אַרבעט איז געפירט געוואָרן דורך אַ זעלבסט־אָרגאַניזאַציע פון די פּליטים. עס איז געווען, למשל, אַן אייגענע בעקעריי פאַר פּליטים, אַן אייגענע יאַטקע פון כשר'ע פלייש, אַן אייגענע שוסטעריי, שניידער־וואַרשטאַט,

אייגענע סאַניטאַרישע און מעדיצינישע הילף. פּאַר גרופּן זיינען געשאַפן געוואָרן קאָלעקטיווע וואוינונגען א. אז. וו.

די גרויסע חלוצישע מחנה פון אירע צוויי טויזנט חלוצים זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן ביי לאַנדווירטשאַפטלאַכע אַרבעטן, אין וואַרשטאַטן, אויף הכשרה־פּונקטן א. אז. וו.

אָט די דאָזיקע גאַנצע גרויסע אַרבעט איז געמאַכט געוואָרן אין גרעסטן טייל דורך אונזערע חברים. אַ דאַנק אונזער איניציאַטיוו און שאַפונגס־קראַפט, איז אויפגעבויט געוואָרן אין די שווערע שטורעמדיקע מלחמה־טעג אַ נעץ פון אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אויף אַ וואונדערבאַרן אופן געלייסטעט די פּליטים הילף און גאָר שטאַרק פאַרקלענערט דורכדעם זייערע ליידן און צרות אין משך פון אַ יאָר צייט.

## 2. קאָנטאַקט מיט די אָקופּירטע געביטן

ווי די טויבן אין מבול, אזוי האָבן אויסגעזען די יונגע בחורים און מיידלאַך פון „החלוץ", וועלכע זיינען געשיקט געוואָרן אין די אָקופּירטע געביטן מיט דער בשורה פון ווילנע, מיט דער האָפנונג פון עליה. טויזנטער אַרבעטער און יוגנטלאַכע, וועמען עס האָט נישט געדראָט אין דער סאָוועטישער אָקופּאַציע, האָבן פאַרלאָזן זייערע היימען, נישט וועלנדיק בלייבן אין גייסטיקער און פּאָליטישער פאַרשקלאַפונג, און זיינען אַוועק קיין ווילנע, כדי פון דאָרטן עולה צו זיין קיין ארץ-ישראל. און ווילנע, וואו ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט צוויי טויזנט חלוצים און הונדערטער חברים פון פּועלי־ציון און התאחדות, איז געוואָרן אַ צענטער, פון וועלכן עס האָבן געצויגן יניקה אונזערע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אין די ביידע אָקופּאַציעס. די שווערע אורטיילן צו זעקס און אַכט יאָר, וואָס אייניקע שליחים האָבן באַקומען, אַריבערגייענדיק די גרעניץ, האָט קיינעם נישט אָפּגעהאַלטן פון ווייטער צו גיין אין דער היילִיקער שליחות. מיט מוט און התלהבות זיינען געגאַנגען די יונגע חלוצים אויף די סכנות־פולע וועגן. דערמונטערט און קאַמפּס־לוסטיק, ווערט די העראָאישע אַרבעט געפירט דורך אונזער יוגנט אומעטום, אין די געטאָס און אין די אַרבעטס־לאַגערן, אויף פאַרשיקונג און אין די תפיסות.

***

## 3. עמיגראציע און עליה

איבער 4000 פליטים זיינען ארויסגעראטעוועט געווארן פון ליטע, א דאנק דער אוממיטלבארער עקשנות'דיקער ארבעט פון אונזער פאלעס־טינער קאמיסיע פאר פליטים אין ליטע. ליטע איז געווען ארומגענומען ווי מיט אייזערנע רייפן פון דייטשלאנד און סאוועט־רוסלאנד. פארן דורך דייטשלאנד איז געווען אויסגעשלאסן, רוסלאנד האט נישט געגעבן קיין טראנזיט־וויזעס פאר קיין פרעמדע בירגער. די קאמיסיע האט אויסגע־ארבעט א מעמאריאל צו דער סאוועטישער רעגירונג, אין וועלכן זי האט געבעטן טראנזיט־מעגלאכקייטן איבער רוסלאנד פאר 1000 מענטשן קיין ארץ־ישראל און 500 אין די אמעריקאנער לענדער. אלע עמיגראציע־„ספעצן" האבן ניט געגלויבט, אז רוסלאנד וועט דערלויבן דעם טראנזיט. מיר האבן אבער דאך אונזער ווענדונג געמאכט. עס זיינען אריבער וואכן און חדשים און קיין ענטפער איז נישט געווען. דערווייל איז געלונגען נאך גרויסע באמיאונגען, אויסנוצנדיק אויך די הילף פון ח' לעאן בלום אין פאריז, צו באקומען פאר עטלאכע הונדערט פליטים טראנזיט־רעכט קיין ארץ־ישראל איבער מארסעל. די ערשטע גרופע איז אפגעפארן א דאנק דער באדייטנדיקער פינאנסיעלער הילף פון יידישן וועלט־קאנגרעס, „יונייטעד פאלעסטיין אפיל" און „באארד אף דעפיוטיס" אין דרום־אפרי־קע — אין מערץ 1940, איבער ריגע און שטאקהאלם און פון דארט מיט אן עראפלאן קיין אמסטערדאם. דער דייטשער אטאק אויף דענעמארק און נארוועגיע האט אוממעגלאך געמאכט אויף ווייטער דעם דאזיקן וועג. מיט אייניקע חדשים שפעטער האט די רויטע ארמיי אריינגעמארשירט קיין ליטע. די מאכט האבן איבערגענומען די קאמוניסטן, דער ארץ־ישראל־אמט איז געווארן געשלאסן, אונזער ארבעט איז פארבאטן געווארן. די געפאר איז געווארן גרעסער און דער דראנג צו אנטלויפן שטארקער. מיר האבן אבער פארגעזעצט אומלעגאל ווייטער אונזער ארבעט, טראץ די סכנות, וועלכע זיינען דערמיט געווען פארבונדן.

טראץ דאס שליסן פון ארץ־ישראל־אמט און דעם פארבאט זיך צו פארנעמען מיט עמיגראציע־טעטיקייט, האט די ארץ־ישראל־קאמיסיע אנ־געווענדעט פארשידענע פראטעקציעס ביי דער סאוועטישער און נייער ליטווישער רעגירונג — און נאך לאנגע באמיאונגען איז דערהאלטן גע־

וואָרן פון מאָסקווע אַ פּאָזיטיווע תשובה אויף אונזער מעמאָריאַל בנוגע טראַנזיט דורך רוסלאַנד קיין ארץ־ישראל, און אַזוי אַרום איז געעפנט געוואָרן דער רוסישער טראַנזיט פאַר די טויזנטער יידישע פּליטים.

דאָס איז דער היסטאָרישער פאַרדינסט פון אונזער ארץ־ישראל־קאָמיסיע פאַר דער רעטונג פון די טויזנטער פּליטים. ווען נישט דער פאַקט, וואָלטן פיל טויזנטער פּליטים, וועלכע געפינען זיך איצט אין אַמעריקע און ארץ־ישראל, זיך איצט וואַלגערן אויף די חרוב'ע ווענגן פון סאָוועט־רוסלאַנד אָדער אין די יידישע געטאָס, אָדער אינגאַנצן אומגעקומען. באַלד אָבער האָט די ראַטן־מאַכט פאַראָרדנט צו שליסן אַלע אויסלענדישע קאָנסולאַטן אין ליטע; קרוב צו טויזנט פּליטים האָבן נאָך געדאַרפט באַקומען פּאַלעסטינער וויזעס, מערסטע פון זיי האָבן אפילו ניט געהאַט קיין דאָקומענטן און ס'האָט זיי געדראָט צו בלייבן אָן וויזעס. אויף דער ווענדונג פון דער ארץ־ישראל־קאָמיסיע, וועלכע איז אומלעגאַל דאָך געשטאַנען אין אַ קאָנטאַקט מיט דעם ענגלישן קאָנסולאַט, איז דער לעצטער אַנטקעגן געקומען איר פאָדערונג און האָט מסכים געווען אַרויסצוגעבן באַשטעטיקונגס־בריוו פאַר די אַלע, וועלכע דאַרפן באַקומען וויזעס. טעכניש זיינען די בריוו דערלייזדיקט געוואָרן דורך דער ארץ־ישראל־קאָמיסיע.

אַ דאַנק די באַקומענע בריוו, זיינען בערך 1500 פּליטים אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. איבער עלף הונדערט זיינען געפאָרן איבער מאָסקווע, אָדעס און טערקיי. איבער הונדערט — דורך רוסלאַנד און פערסיע. 70— דורך יאַפּאַן, דרום־אַפריקע און עגיפּטן. איבער 200 — דורך יאַפּאַן, באָמבעי, רויטן ים, עגיפּטן. עטלאַכע צענדליק — דורך יוגאָסלאַוויע און טערקיי. נעמענדיק אין אַכט, ווי שווער עס איז אין מלחמה־צייט צו באַקומען טראַנזיט, באַזונדערס דורך לענדער, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט קריג־פירנדע מלוכות, קען מען האָבן אַ באַגריף וועגן דער גרויסער אַרבעט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן דורך דער קאָמיסיע. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון דריי פאָרשטייער — פון אונז, מזרחי און אַלגעמיינע ציוניסטן.

טראָץ דער פּרינציפּיעלער פּאָזיטיווער תשובה פון מאָסקווע צו ערטיילן סאָוועטישע טראַנזיט־וויזעס, זיינען געמאַכט געוואָרן גרויסע שוועריקייטן דורך דער גע־פּע־או. יעדן עמיגראַציע־קאַנדידאַט האָט מען חוקר ודורש געווען, וואָכן האָט נעדויערט, ביז מען האָט באַקומען אַ

תשובה. די טערקישע רעגירונג האָט לכתחילה נישט געוואָלט דערלויבן קיין טראַנזיט דורך טערקיי קיין ארץ־ישראל. דער איינציקער וועג איז דעריבער צוערשט געווען איבער רוסלאַנד דורך סיביר, יאַפּאַן און מיטן אַרומוועג איבער באָמבעי און איראַק קיין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער וועג איז אַ ווייטער, שווערער און זייער קאָסטבאַרער, קיין אַנדערער איז אָבער נישט געווען. די ערשטע גרופּע איז אַלזאָ אָפּגעפאָרן פון ליטע איבער רוסלאַנד און סיביר קיין יאַפּאַן.

## 4. די אַרבעט איבער דער פּאַרטיי־געשיכטע

אַ גרופּע חברים האָבן זיך פאַרנומען מיטן באַאַרבעטן די מאַטעריאַלן איבער דער געשיכטע פון דער באַוועגונג. אונטער דער לייטונג פון אַ צענטראַלן חבר זיינען שטודירט געוואָרן די אַרכיוון פון „איוואָ" און אַלע מאַטעריאַלן, וועלכע זיינען דערשינען אין פאַרבינדונג מיט אונזער באַוועגונג אין דער פּרעסע און פאַרשידענע אויסגאַבן, זיינען קאָפּירט געוואָרן און די קאָפּיעס זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אין אַרכיוו „העבודה" אין ארץ־ישראל, אַזוי אַרום זיינען אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון היטלעריסטישן פייער וויכטיקע מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע פון אונזער באַוועגונג.

### אונזער אַרבעט אין יאַפּאַן

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין יאַפּאַן, האָבן די חברים פון דער פּאַלעסטינער קאָמיסיע אין ווילנע, תיכף אָנגעהויבן פאַרזעצן די אַרבעט. מיר האָבן גוט געוואוסט, אַז טויזנטער פּליטים אין ווילנע וואַרטן אומגעדולדיק אויף דעם איינציקן וועג קיין יאַפּאַן. מיר האָבן אויף אַ זיצונג פון קאָבע'ר אידישן קאָמיטעט אויספירלאַך באַריכטעט וועגן דער טראַגישער לאַגע פון די פּליטים אין ווילנע, אַפּעלירט צו זיי, אונטערצונעמען דרינגענדע שריט צו דערמעגלאַכן 1200 פּליטים אַריינצוקומען אין יאַפּאַן. צום שבח פון די קאָבע'ר יידן דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זייער תשובה אויף אונזער ווענדונג איז געווען ברייטהאַרציק און טיף־מענטשלאַך. עס איז אַראַנזשירט געוואָרן אַ טרעפונג מיט די צוויי יאַפּאַנער, איבערגעגעבענע יידן־פריינט, פּראָפעסאָר קאָדזשוזי און קאַפּיטאַן פוקאַמאַטשי, ביידע

איינפלוסרייכע פערזענלאכקייטן אין די יאפּאנישע רעגירונגס־ספערן. א דאנק זייער הילף האָט די יאפּאנישע רעגירונג געגעבן א פּאָזיטיווע תשובה צום קאָבע'ר יידישן קאָמיטעט אויף אונזער מעמאָריאַל.

אין רעזולטאט פון דער תשובה, האָט דאָס אויסערן־מיניסטעריום אין טאָקיאָ טעלעגראפירט צום יאפּאנישן קאָנסולאט אין מאָסקווע, צו ערטיילן טראנזיט־וויזעס און פריינטלאך צו באהאנדלען די יידישע פליטים אין ליטע. דאָס האָט אויך געהאט א פּאָזיטיווע ווירקונג פאר אן אלגעמיינע פריינטלאכע באציאונג מצד די יאפּאנישע רעגירונגס־ אינ־סטאנצן צו די יידישע פליטים. די חברים פון דער א"י־קאָמיסיע, וועלכע זיינען דאן אָפיציעל אקרעדיטירט געוואָרן דורך דער יידישער אגענץ אלס אירע פאָרשטייער אויף אָנצופירן מיט די עליה־ענינים אין יאפּאן, האָבן אויפן סמך פון דער רעגירונגס־תשובה אָפגעשלאָסן אן אָפּמאך מיט דער יאפּאנישער שיפס־געזעלשאפט **N. Y. K.** וועגן טראנספּאָרט פון די פליטים, וועלכע דארפן געבראכט ווערן קיין יאפּאן. די שיפס־געזעל־שאפט האָט דאן אויפן יסוד פון דעם אָפּמאך טעלעגראפירט צום יאפּא־נישן קאָנסול אין מאָסקווע, ער זאָל ערטיילן יאפּאנישע טראנזיט־וויזעס פאר 125 פערזאָן פון ווילנע, וועלכע וועלן פאָרן קיין יאפּאן און פון דאָרט קיין ארץ־ישראל אָדער אמעריקע.

די דאָזיקע ידיעה פון די 125 יאפּאנישע וויזעס זיינען געוואָרן דער ערשטער סיגנאל פארן גרויסן וואנדערונגס־שטראָם דורך יאפּאן. די פליטים אין ווילנע האָבן דורכדעם זיך דערוואוסט, אז אין ווייטן יאפּאן וועט מען ניט זיין הפקר און אז דאָרט זיינען דאָ מענטשן, וועלכע זאָרגן און גרייטן צו הילף פאר זיי.

א מבול פון טעלעגראמעס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען צו די פאָר־שטייער פון דער יידישער אגענץ אין קאָבע. טויזנטער מענטשן האָבן אָפּעלירט, מען זאָל זיי ראטעווען און געבן די מעגלאכקייט ארייננצוקומען קיין יאפּאן. די אגענץ־פאָרשטייער האָבן דאן געשיקט מעמאָריאלן צו דער אגענץ, צום „דזשאָינט", צום יידישן וועלט־קאָנגרעס, צו פּועלי־ציון אין אמעריקע, צום ועד־הישיבות און „רעליגיעזן עמוירדזשענסי־קאָמי־טעט", צום „באָארד אָוו דעפּיוטיס" אין אפריקע — וועגן מאָביליזירן פינאנסיעלע מיטלען פאר דער גרויסער רעטונגס־אקציע. די תשובות זיי־נען ליידער געווען נישט־גענינגנדע און דעריבער זיינען די רעטונגס־רעזול־טאטן נישט געווען, ווי זיי האָבן געדאַרפט און געקענט זיין.

אינצווישן איז געלונגען דעם דעלעגירטן פון דער יידישער אגענץ אין אנקארא צו באקומען ביי דער טערקישער רעגירונג א הסכמה דורכ־צולאָזן טראנזיט דורך טערקיי די אלע יידישע פליטים פון פוילן־ליטע, וועלכע האָבן ארץ־ישראל'דיקע וויזעס אָדער בריוו פון ענגלישן קאָנסול אין קאָוונע. די צווייטע ארץ־ישראל'דיקע קאָמיסיע פאר פוילישע פליטים אין ליטע אנטוויקלט דאן א וואונדערבארע ארבעט ביים אָרגאניזירן די עליה — פון איבער טויזנט פליטים פון אלע קרייזן און שיכטן, צווישן זיי איבער 200 קינדער ביז 16 יאָר — איבער אדעס־טערקיי. זייער שווער איז געווען די דאָזיקע ארבעט, א גרויסער טייל האָבן נישט געהאט קיין דאָקומענטן, כמעט אלע האָבן נישט געהאט אויף רייזע־הוצאות. דאָך האָט די זייער ענערגישע און איבערגעגעבענע ארבעט פון די חברים פון דער ארץ־ישראל־קאָמיסיע, א דאנק דער באדייטנדער הילף פון „דזשאָינט", אלע מכשולים און מניעות איבערוואונדן, און כמעט אלע באזיצער פון וויזעס אָדער בריוו פון ענגלישן קאָנסולאט זיינען אָפגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און אזוי ארום געראטעוועט געוואָרן.

פון ליטע איבער רוסלאנד און סיביר קיין יאפאן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פיל הונדערטער פליטים. באלד האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער גרעסטער טייל פון די אָנגעקומענע האָבן נישט קיין מעגלאכקייט ווייטער צו פאָרן, נישטאָ קיין ענד־וויזעס, שיפס־קאַרטן און לאנדונגס־געלט. עס זיינען אנטשטאנען שוועריקייטן ביים לאנדן אין יאפאנישן פאָרט צורוגא. א דאנק דער זייער ענערגישער ארבעט פון יידישן קאָמיטעט אין קאָבע זיינען די שוועריקייטן אין מערסטן פאל איבערוואונדן געוואָרן. די אגענץ־קאָמיסיע האָט זיך דאן געווענדט טעלעגראפיש צו דער יידישער אגענץ, פאָדערנדיק 500 סערטיפיקאטן פאר די פליטים אין יאפאן. זי האָט זיך אויך געווענדט צו דער פוילישער אמבאסאדע אין טאָקיאָ וועגן באקומען א געוויסע צאָל וויזעס אין די ענגלישע קאָלאָניעס פאר די פליטים. א מעמאָריאל איז אויך געשיקט געוואָרן צו דער האָלענדישער אמבאסאדע וועגן פינף הונדערט וויזעס פאר פליטים און צום יידישן קאָנגרעס וועגן פארשאפן וויזעס אין דרום־אמעריקאנער לענדער. די אלע ווענדונגען און מעמאָריאלן האָבן גלייך געגעבן נאָר טיילווייזע רעזולטאטן. ס'זיינען אָפגעפאָרן אייניקע גרופן צו עטלאכע צענדליק קיין ארץ־ישראל איבער דרום־אפריקע און איבער באָמבעי; עטלאכע צענדליק האָבן באקומען קאַ־

גאַדישע וויזעס דורך דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין טאָקיאָ. דער קאָבע'ר יידישער קאָמיטעט איז דעריבער געווען אין אַ שווערער לאַגע, נישט קע־נענדיק דערפילן זיינע פאַרפּליכטונגען לגבי דער רעגירונג וועגן אויסוואַנ־דערונג פון די פּליטים. ס'איז אַלזאָ געבליבן, מען זאָל פאָרן קיין שאַנכאַי און אויפן אָרט אויספאָרשן די לאַגע, זען, וואָס ס'איז מעגלאַך דאָרט צו טאָן. די ידיעות, וואָס זיינען דערהאַלטן געוואָרן אין קאָבע וועגן דער לאַגע פון די דייטשע פּליטים אין שאַנכאַי, זיינען געווען שרעקלאַכע.

## אין שאַנכאַי

די אַגענץ־דעלעגאַציע קיין שאַנכאַי האָט געהאַט פאַר זיך דריי אויפ־גאַבן: 1) אויספאָרשן די באַדינגונגען און צוגרייטן אויפנאַמס־מעגלאַכ־קייטן פאַר די פּליטים פון קאָבע און שאַנכאַי, 2) שאַפן דירעקטע טראַנס־פּאָרט־מעגלאַכקייטן פון וולאַדיוואָסטאָק קיין שאַנכאַי, וואָס עס זאָל דער־מעגלאַכן פּליטים צו קומען אַהין אָן יאַפּאַנישע וויזעס, 3) באַקומען „פּערמיטן" פון דער שאַנכאַיער מוניציפּאַליטעט פאַר נייע טויזנט פּליטים פון ווילנע, וועלכע האָבן נישט קיין יאַפּאַנישע וויזעס און אַריבערברענ־גען זיי דירעקט פון וולאַדיוואָסטאָק קיין שאַנכאַי.

נאָכן באַקענען זיך מיט דעם שוידערלאַכן מצב פון די יידיש־דייטשע פּליטים אין שאַנכאַי, איז געווען קלאָר, אַז אין יענע פינצטערע היימען טאָר מען קיין נייע מענטשן ניט אַריינברענגען. מען האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד פון די תקיפים פון דעם דייטשן פּליטים־קאָמיטעט און מיט אַן אומווילן מצד די יידן פון דער אשכנזי'שער קהילה צו נעמען אויף זיך אַזאַ גרויסן עול. נאָך שווערער איז געווען אויסצופּועל'ן אין דער שאַנכאַיער מוניציפּאַליטעט צו באַקומען אַ גרעסערע צאָל „פּערמיטן" אַדיינצופאָרן קיין שאַנכאַי. ס'האָט גענומען טעג און וואָכן, ס'זיינען גע־מאַכט געוואָרן אַלע מעגלאַכע דרוקן אויף די אַלע מאָסגעבנדע פאַקטאָרן, און ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר פּויליש־ליטווישע פּליטים, אין וועלכן ס'זיינען אַריין די אַקטיווסטע, טרייסטע טוער פון דעם יידישן שאַנכאַי, וועלכע האָבן אויף זיך גענומען אָנצופירן די אַרבעט. מיט גאָר גרויסע שוועריקייטן איז געלונגען צו באַקומען פון דער שטאָט־פאַרוואַל־טונג 300 „פּערמיטן" פאַר פּליטים אין ווילנע. די ערשטע „פּערמיטן"

זיינען באזאָרגט געוואָרן פאר די לאנג־וואַרטנדיקע זיבעציק פערזאָן אין וולאדיוואָסטאָק, וועלכע זיינען א דאנק דעם אריינגעלאָזן געוואָרן קיין שאנכאי; 200 זיינען איבערגעוויזן געוואָרן קיין ווילנע.

ליידער זיינען אָבער די אַלע דערגרייכונגען ניט אין דער פולער מאָס אויסגענוצט געוואָרן. דער געשאַפענער אשכנזי׳ער קאָמיטעט פאר די פויליש־ליטווישע פליטים איז צוליב ענגער עקשנות פון דעם אלטן דייטשן פליטים־קאָמיטעט ניט אָנערקענט געוואָרן דורכן „דזשאָינט״, און הונ־דערטער פוילישע פליטים וואלגערן זיך אין שאנכאי אין די ערגסטע באַ־דינגונגען. די 300 „פערמיטן״, וואָס האָבן דערמעגלאכט מינימום 600 מענטשן זיך ארויסצוראטעוון, זיינען נישט אויסגענוצט געוואָרן, צוליבן מאנגל אין רייזע־הוצאות פון קאָוונע קיין שאנכאי. קיינער האָט נישט געקענט פאָרויסזען, אַז אזוי שנעל וועט קומען א נייער, נאָך שוידערלאַ־בערער חורבן אויף די יידישע שטעט און שטעטלאך פון מזרח־פוילן און ליטע. מיט אייניקע מאָנאטן צוריק, ווען די חברים זיינען געקומען אין אַמעריקע, האָבן זיי אפעלירט צו די היגע אינסטיטוציעס, מ׳זאָל שאַפן די מיטלען צו ראטעוון די טויזנט מענטשן פון ווילנע, ליידער איז די געלעגנ־הייט פארשפּעטיקט געוואָרן. ווער ווייסט, וויפיל פון די מענטשן זיינען שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

די חברים פון דער קאָמיסיע האָבן אויך דאָ אין אַמעריקע פאָרגע־זעצט זייערע באַמיאונגען וועגן הילף פאר די פארבליבענע אין יאפּאַן און שאַנכאַי, האָבן מיטגעהאָלפן און אינטערווענירט אין די היגע אינסטיטו־ציעס וועגן רייזע־הוצאות פאר איבער 200 חברים פון יאפּאַן קיין ארץ־ישראל, וואָס ס׳איז דערליידיקט געוואָרן.



פונם מאָמענט פון אונזער פארלאָזן ווארשע ביז היינט, האָבן אונזערע חברים נישט אויפגעהערט אָנצוגיין מיט דער אקטיווער הילפס־ארבעט פאַר די יידישע פליטים פון פוילן, אָן אונטערשייד פון זייער פּאָליטישער אָנגעהעריקייט. עס איז וויכטיק פעסטצושטעלן, אז אונזערע חברים האָבן תמיד געטראָפן די פולסטע פארשטענדעניש און קאָאָפּעראַציע מצד פארשידענע פאַקטאָרן, מיט וועמען זיי האָבן זיך געטראָפן אין דער אר־בעט. עס דאַרף באַזונדערס אויסגעטיילט ווערן לשבח די מסירת־נפש׳די־קע ארבעט פון קאָבע׳ר קאָמיטעט.

אויך די נישט־יידישע קערפּערשאַפטן, אין דער ערשטער ריי די פּוילישע אַמבאַסאַדע אין טאָקיאָ און דער קאָנסולאַט אין שאַנכאַי און די ענגלישע קאָנסולאַטן אין קאָוונע, קאָבע, טאָקיאָ און שאַנכאַי זיינען תמיד אויפן פריינטלאַכסטן אופן אנטקעגנגעקומען אונזערע וואַנדערונגען. אָן דער אַקטיווער און איבערגעגעבענער הילף מצד די דאָזיקע אינסטאַנצן וואָלט א סך, א סך ווייניקער אויפגעטאָן געוואָרן פאַר די פּליטים. גאַנץ באַזונדערס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די זייער גרויסע הילף פון „דזשאָינט", וועלכע האָט דערמעגלאַכט די גלענצנדע הילפס־און רעטונגס־ארבעט אין ווילנע און אין יאַפּאַן. די אַמעריקאַנער יידן מעגן זיכער זיין שטאָלץ מיט דער גרויסער הילפס־לייסטונג פון „דזשאָינט" פאַר די פּליטים. ס'דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די זייער באַדייטנדיקע הילף פון יידישן וועלט־קאָנגרעס ביים דערמעגלאַכן די ערשטע עליה־גרופּע פון ווילנע קיין ארץ־ישראל, ווי אויך זיין הילף פאַר די פּוילישע פּליטים אין שאַנכאַי.

מיר האָבן נאָר בקיצור אָנגעצייכנט אביסל פון אונזער טעטיקייט אונטערוועגס. קיינער פון אונז טראַכט נישט, אַז עס קומט אונז פאַר דעם א דאַנק. עס איז אונזער הייליקע פליכט געווען דאָס צו טאָן.

אין דער יידישער אַמעריקע טומלט לעצטנס אביסל א געוויסע יידישע פּאַרטיי פון פּוילן, וועלכע דערקלערט זיך נישט מער און נישט ווייניקער, אַז זי רעדט אין נאָמען פון דער גרעסטער מערהייט פון פּוילישן יידנטום. עס ווילט זיך זיי פרעגן: וואו זיינען זיי געווען די צען חדשים אין ווילנע? פאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון די איבער צען טויזנט יידישע פּליטים פון פּוילן? פאַרוואָס זיינען די יידישע פּליטים אין ווילנע געווען געטיילט אויף צוויי לאַגערן, איינער פון 9.800 יידן און א צווייטע איזאָלירטע גרופּע פון 200 בונדיסטן?!

ס'זיינען דאָך אויך מענטשן פון „בונד" געקומען צוגלייך מיט אונזערע חברים אין יאַפּאַן. פאַרוואָס האָט קיינער פון זיי זיך ניט פאַרנומען מיט העלפן אריבערברענגען נאָך פּליטים, א חוץ בונדיסטן פון ווילנע? פאַר־וואָס האָט קיינער זיך נישט פאַרנומען מיט דער זאָרג און הילף פאַר די פּליטים אין יאַפּאַן? פאַר זייערע עמיגראַציע־מעגלאַכקייטן פון יאַפּאַן? אָבער נישט קיין פּאָלעמיק ווילן מיר פירן. מיר האָבן נאָר געוואָלט פאַר־צייכענען, ווער עס האָט געזאָרגט און געהאָלפן אויפן לאַנגן און ליידנספולן וועג פון די יידישע פּליטים פון פּוילן, זייט דעם אויסברוך פון קריג, און פאַר וועמען.

# די וואַנדערונגען פון פוילישן „החלוץ" און זיין אַרבעט אין ליטע און אונטער דער סאָוועטן-אַקופּאַציע

פון

ק. בראָדזקי

.1

וואַרשע. דריטער טאָג פון מלחמה. אויף נענשע 14, אין „באַראַכאָוו־היים" קומט זיך צונויף דער מרכז פון „החלוץ". וואָס טוט מען? טויזנטער חברים אין די קיבוצים אין גאַנץ פוילן וואַרטן אויף אינסטרוקציעס. מיט פיל ערטער איז שוין די פאַרבינדונג איבערגעריסן. גדיניע, קאַטאָוויץ, בענדין ענטפערן שוין נישט — מען מוז די חברים באַזאָרגן מיט הילף. טויזנטער יונגנטלאַכע וואַרטן אין אַלע שטעטלאַך אויף ידיעות.

ס'ווערט באַשלאָסן: אַלע חברים פון אונז צעפאָרן זיך אין די קיבוצים, וועלכע פאַרבלייבן אויף זייערע ערטער.

באַלד פאָרן אַרויס די חברים אויף מערב. זיי מוזן זיך דערשלאָגן קיין בענדין, קראָקע און לאָדזש. דערצו ווערן אויסגעקליבן די מיידלעך פון מרכז. זיי וועט זיין לייכטער דורכצודרייען זיך דורך די פראָנט־ליניעס.

דערווייל הערט דער טעלעפאָן נישט אויף צו קלינגען. קיעלצער קיבוץ מעלדעט: „די דייטשן זיינען ביי קיעלץ. מיר מאַרשירן אַרויס קיין

מזרח". טשענסטאָכאָווער פאַרם איז שוין פאַרלאָזן. אַלע חברים זיינען אינאיינעם אַרויס קיין וואָלין. פון גדיניע — קיין ידיעה. וואָס האָט פּאַסירט מיט די חברים דאָרט? לאָדזש אַלאַרמירט: וואָס טוט מען? בלייבן אָדער פאַרלאָזן די שטאָט?

מיטוואָך ביינאַכט. אין דער חלוצישער פאַרם אין גראָכאָוו ביי וואַרשע אַ שטורמישע אַסיפה: וואָס טוט מען — בלייבן אָדער אַרויסגיין? 200 חברים דאָ. צווישן זיי פיל דייטשע קינדער פון דער יוגנט־הכשרה. זיי האָבן שוין דורכגעמאַכט אַ וואַנדערונג ביז זבאָנשין. אַ שאָד צו פאַר־לאָזן די פאַרם. די מערהייט איז פאַר בלייבן. אָבער פּלוצלינג, אינמיטן דער אַסיפה, מעלדעט דער ראַדיאָ: „די רעגירונג פאַרלאָזט וואַרשע, זי רופט אַלע יוגנטלאַכע צו גיין אויף מזרח"! דער באַשלוס איז געפאַלן. דאָנערשטיק פרי מאַרשירט אַרויס דער גאַנצער קיבוץ. מיט זיי דער מרכז. מיט דער מחנה צוזאַמען.

.2

די גרויסע חלוצישע וואַנדערונג האָט זיך אָנגעפאַנגען. אויף אַלע וועגן פון פּוילן מאַרשירן חלוצים. צוזאַמען געשלאָסן. פאָרויס, מיט 20־30 קילאָמעטער, גייט דער פאָר־פּאָסט, וועלכער קומט אָן מיט עטלאַכע שעה פריער אין שטאָט און שטעטל, רופט צונויף די אָרטיקע חלוצים און צוזאַמען גרייט מען צו געלעגערס און עסן פאַר דער מחנה. אומעטום באַגעגנט מען הילף. אומעטום חברים.

און דער וועג איז — קיין וואָלין און מזרח־גאַליציע, צו דער רומע־נישער גרעניץ, נעענטער צו ארץ־ישראל. נישט צונויפגערעדט זיך, מאַר־שירן אַלע אין דער זעלבער ריכטונג. אַזוי ווי פויגלען אין האַרבסט, ציט עס אַלעמען אינסטינקטיוו אין איין ריכטונג.

טעג גייען דורך. אויף די וועגן וואַנדערן מיליאָנען מענטשן. פיל פאַלן פון באָמבעס, מער פון הונגער און פאַרמאַטערניש. אויך די חלוצי־שע מחנה האָט אירע קרבנות. אַ חבר, דערשאָסן דורך אַ נאַצי־פליער. דריי דייטשע חברים, דערשאָסן דורך די פּאָליאַקן אַלס שפּיאָנען. אָבער קיינער בלייבט נישט אין וועג. די שוואַכע ווערן געטראָגן דורך די שטאַרקע. מען העלפט זיך מיט אַלע כוחות.

קאָוועל. די דאָזיקע שטאָט אין וואָלין ווערט עס דער צענטער פון אַלע חלוצים. דאָ באַגעגנט מען זיך. ס'קומען אָן די חברים פון ווארשע, ס'מארשירן אריין די 200 חברים פון קיעלץ, ס'דערשלעפּן זיך די 500 חברים פון בענדין, קראָקע און טשענסטאָכאָוו. ס'ווערט דורכגעפירט די ציילונג אין דער מחנה. מען דערוואוסט זיך, ווער איז געבליבן, ווער האָט פארלאזן. נאָר גדיניע לאָזט נאָך פון זיך נישט הערן. וואָס האָט פּאסירט מיט די חברים פונם חלוצישן ים־קיבוץ?

אָנפאנג אָקטאָבער. אין אַ קליין צימערל אין קאָוועל, אונטער דער נאָז פון דער געהיים־פּאָליציי (זיי וואוינען אין זעלבן הויז) קומט זיך צונויף די זיצונג פון מרכז „החלוץ".

דער מרכז באשליסט: צעטיילן דעם מרכז אין דרייען: איין טייל גייט צוריק קיין ווארשע, אָנפירן מיט דער ארבעט אין נאַצישן געביט. אַ צווייטער טייל הויבט אָן צו בויען די באַוועגונג אין סאָוועטישן טייל. אַ דריטער טייל גייט זוכן וועגן דורכצוקריגן זיך קיין ארץ־ישראל. צומאָרגנס — אַ געזעגענונגס־אסיפה אין קאָוולער קיבוץ. מען צעפּאָרט זיך אויף די נייע קאמפּס־פּאָסטנס.

.3

פארשטייט זיך, אז דער ערשטער טריט איז געווען אין דער זייט פון רומעניע. דאָס איז דער נעענטסטער וועג קיין ארץ־ישראל. דורך דאַנען פלעגן דאָך יאָרן־לאַנג פּאָרן טויזנטער חלוצים קיין חיפה. אויך האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען, אז די גרעניץ איז ניט שווער דורכצוגיין.

אין קאָלאָמיי, 30 קילאָמעטער פון דער גרעניץ, איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג אויף דורכצופירן די גרעניץ. מ'האָט אָנגעקניפּט קאָנטאַקט מיט די פּויערים ביי דער גרעניץ — און אָנגעפאנגען די ארבעט.

באלד די ערשטע טעג איז אָבער דורך אַ מסירה ארעסטירט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער וואַך אַ חבר פון מרכז (ער האָט באקומען 8 יאָר שווערע ארבעט אין קוילן־גרובן). אויך זיינען ארעסטירט געוואָרן נאָך אייניקע חברים. די פּויערים האָבן געפאָדערט ריזיקע סומעס געלט פאַר אריבערפירן דורך דער גרעניץ. דער אפּאראט איז געווען פארצווייפלט.

מיט גרויסע שוועריקייטן איז געלונגען דורכצופירן ארום 20 חברים קיין טשערנאָוויץ אין רומעניע. איינער פון זיי האָט זיך צוריקגעקערט מיט געלט אויף דער סאָוועטישער זייט, אָבער אויף דער גרעניץ איז ער דורך דער וואַך דערשאָסן געוואָרן.

דער וועג איז געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג. די גענהיים־פּאָליציי האָט געטראָפן אויף די פּיענטעס, און מען האָט געמוזט דעם אַפּאַראַט ליקווידירן. דער וועג אויף דרום האָט זיך געענדיקט.

געעפנט האָט זיך אָבער אַ נייער וועג, אויף צפון. ווילנע איז פון די סאָוועטן אָפּגעגעבן געוואָרן צו ליטע. אין ליטע האָט עקזיסטירט אַ „החלוץ“, אַ פּאַלעסטינע־אַמט, און פון ליטע האָט מען געקענט פאָרן קיין ארץ־ישראל. האָט דער מרכז באַשלאָסן: קאָנצענטרירן אין ווילנע אַ גרויסע צאָל חלוצים פון ביידע טיילן פון פּוילן.

ספּעציעלע שליחים זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע, אין נאַצי־פּוילן. אַנדערע זיינען געפאָרן אין די גרעסערע שטעט און שטעטלאַך, אָנזאָגן די חברים די בשורה פון ווילנע.

.4

אין ווילנע, אין עק שטאָט, אויף סובאָטש גאַס 27, שטייען צוויי גרויסע מויערן. אויפגעבויט האָט זיי מיט פּערציק יאָר צוריק די באַראָן הירש־„פּונדיישאָן“. גרויסע, אומגעלומפּערט געבויט, האָבן זיי אויסגע־זען משונה'דיק צווישן דעם גרויסן קלויסטער און די אָרימע קליינע הייז־קעס פון ווילנער אָרעמע אַרבעטער. דאָ האָבן זיך אַריבערגעקליבן אַ טייל חברים פון מרכז „החלוץ“, כדי צוצוגרייטן דעם קיבוץ אויפצונעמען די אָנקומענדיקע חברים.

אויף ביידע זייטן גרעניץ אין לידע און איישישאָק האָט זיך באַ־זעצט דער „גרעניץ־טעף“. לידע האָט געזאָלט די חברים באַוואָפּענען מיט געלט, עסן און וועג־ווייזער און איבערשיקן זיי קיין איישישאָק אויף דער ליטווישער זייט.

אָנהויב נאָוועמבער האָט עס זיך אָנגעפאַנגען. צוערשט איינצלנע, שפּעטער — צענטליקער און נאָך שפּעטער — צו 60־70 אַ טאָג פלעגט מען גיין. פון אַלע זייטן פּוילן האָט מען געצויגן קיין לידע. מיט באַנען, באָסעס, פורן, צופוס. פון וואַרשע זיינען אַרויס גאַנצע פּאַרטיעס, אַרי־בער די דייטש - סאָוועטישע גרעניץ און געקומען אויסגעמאַטערטע

דערפרווירענע אין לידע (דער ווינטער איז געווען א שרעקלאך־קאלטער). דאָ האָט מען באַקומען אינסטרוקציעס און געגאַנגען איבער דער גרענעץ.

אָבער אויך אין ווילנע מוז מען זיך היטן. א ליטווישער פּאָליציאַנט קאָן כאַפּן און דאַן שיקט מען צוריק קיין רוסלאַנד. הונדערטער חברים זיינען אַזוי־אַרום צוריקגעשיקט געוואָרן פון איין זייט אין דער צווייטער. איין יונגע חברה איז 8 (אכט) מאָל אריבער די גרענעץ. ביז זי איז מיט אָפּגעפרוירענע פיס געקומען אין ווילנע און גלייך אוועק אין שפּי־טאָל. און וויפיל זיינען געבליבן ליגן אין שניי אויף אייביק? פרילינג, ווען דער שניי איז צעגאַנגען, פלעגט מען טאָג־טעגלאך געפינען קערפּערס פון יידישע יוגנטלאכע. ווער ווייסט זייערע נעמען?

ביידע רעגירונגען, די ליטווישע און סאָוועטישע, זיינען געקומען שפּעטער צו א פארשטענדיקונג און פארשטארקט די גרעניץ־וואַך פון ביידע זייטן. אפילו ספּעציעלע שפּיר־הינט האָט מען אראָפּגעבראַכט קעגן די, וואָס ווילן אריבערגיין די גרעניץ קיין ליטע. דער גרויסער שטראָם האָט זיך אָפּגעשטעלט. ווילנע האָט שוין אָבער געציילט ביי צוויי טויזנט חלוצים און חלוצות!

די דאָזיקע מאַסע איז באַלד אָרגאַניזירט געוואָרן אין לאַנדווירט־שאַפטלאַכע קיבוצים און ארבעטס־ארטעלן און איז פארטיילט געוואָרן צווישן ווילנע, קאָוונע, שאַוול, פּאָניעוועזש, ווירבאַרן א. אנד. דער עיקר איז אָבער געווען — עליה.

אין מערץ 1940 זיינען ערשט אָנגעקומען 100 סערטיפיקאַטן פאַר חלוצים און יוגנט־עליה. מען האָט נישט געגעסן און געשפּאָרט געלט און די הונדערטער חברים אָפּגעשיקט מיטן טייערן לופט־וועג איבער סקאַנדינאַוויע, האָלאַנד און פראַנקרייך קיין ארץ־ישראל.

גלייך נאָכן אוועקפאָרן פון דער ערשטער גרופּע איז געפאַלן דענע־מאַרק און נאָרוועגן. דער וועג איז געווען געשלאָסן. די גרויסע חלוצ׳ישע מחנה אין ליטע איז געבליבן ווי אין א שטיינ אָן שום אויסוועג, אָן א פורטקע קיין ארץ־ישראל.

זוכנדיק וועגן צו עליה, איז געמאַכט געוואָרן א פּאַרזוך דורך גנב׳ענען די גרענעצן אויף דרום: קיין אונגאַרן און רומעניע. מ׳איז גע־קומען אין קאָנטאַקט מיט די חברים אין די צוויי לענדער און זיי האָבן צוגעזאָגט הילף אין דער ארבעט.

דער פּרואוו מיט אונגארן איז באַלד נישט געלונגען. אַביסל בעסער איז עס געגאנגען אויף דער רומענישער גרענעץ. נאָך פיל מי און גרויסע געלט־הוצאות איז געלונגען דורכצוגיין די גרענעץ ביי 20 בחורים און מיידלאַך. זיי זיינען אָנגעקומען אין טשערנאָוויץ, וואו ס'איז באַלד אָרגאַניזירט געוואָרן אַ הילפס־אַפּאַראַט. איינער פון די פּוילישע חברים, באַוואָפנט מיט אינסטרוקציעס און געלט, האָט זיך צוריקגעקערט קיין פּוילן. דאָ איז ער אָבער אריינגעפאַלן אין די הענט פון די סאָוועטן. דער פּלאַן איז דורכגעפאַלן. פיל חברים, וואָס האָבן זיך געגרייט דורכגיין די גרענעץ, זיינען ארעסטירט געוואָרן. פון דעם וועג האָט מען געמוזט רעזיגנירן.

.5

מיטן אריינמארשירן פון דער רויטער אַרמיי אין ליטע האָט אַלץ געפּלאַצט. ביי פיל עסקנים זיינען אָפּגעפאַלן די הענט. מ'האָט געגלויבט, אַז ס'איז שוין געקומען דער סוף פון דער עליה פון ליטע. דער מרכז „החלוץ" האָט אָבער ניט אָפּגעלאָזן די הענט און באַשלאָסן צו זוכן נייע וועגן פאַר חלוצישער עליה. מען האָט אָנגעהויבן שטורעמען מאָסקווע מיט ביטעס און אינטערווענצן. אויך פון אויסלאַנד האָט מען אינטערווענירט. און נאָך לאַנגע מאַנאַטן פון וואַרטן איז געקומען אַן ענטפער: פּוילישע פּליטים, וואָס האָבן געלט און וויזעס, וועלן קענען אַרויספאָרן.

צוויי וועגן זיינען געווען: איינער דורך באַקו און איראַן (פּערסיע) און דער צווייטער דורך אָדעס און טערקיי. ביידע מלוכות האָבן אָפּגעזאָגט צו געבן טראַנזיט־וויזעס.

די אָרטיקע יידישע קאָמוניסטן האָבן פּרובירט צו ווירקן אויף די חלוצים, זיי זאָלן נישט אַרויספאָרן פון רוסלאַנד, צוזאָגנדיק זיי גליקן. קאָמוניסטישע פירער זיינען געקומען אין קיבוץ „שחריה" און געהאַלטן רעפעראַטן, אַגיטירנדיק די חלוצים צו בלייבן און אָפּזאָגן זיך פון ארץ־ישראל. די חלוצים האָבן געגעבן אַ ווירדיקן ענטפער און נישט אָפּגעזאָגט זיך פון עליה־געדאַנק.

ענדלאַך נאָך לאַנגע וואָכן איז דורכגעבראָכן געוואָרן די וואַנט.

טערקיי האָט מסכים געווען דורכצולאָזן די חלוצים דורך איר לאַנד און פון אַמעריקע איז אויך אָנגעקומען דאָס געלט אויף רייזע־הוצאות.

דעם 20־טן דעצעמבער 1940 איז אַרויסגעפאָרן די ערשטע גרופּע פון 50 חלוצים דורך אדעס קיין סטאַמבול און נאָך זיי איז יעדע 8 טעג געפאָרן אַ טראַנספּאָרט. ביזן 1־טן מערץ 1940 זיינען אַרויסגעפאָרן איבער 700 חלוצים און קינדער פון יוגנט־עליה. וואָך נאָך וואָך פלעגן פאָרן פאַרגרעסערטע טראַנספּאָרטן. יעדע טראַנספּאָרט איז געווען אַ געשעעניש אין יידישן לעבן אין ליטע. הונדערטער מענטשן זיינען געקומען צו דער באַן, מ'האָט זיי באַגלייט מיט טרערן און געזאַנג. די סצענעס האָבן דערמאָנט דעם אָפּפאָר פון די פילע טויזנטער עולים פון וואַרשע, פאַר דער מלחמה.

אַרום טויזנט חלוצים פון פוילן זיינען עולה געווען פון ווילנע קיין ארץ־ישראל. אַ צווייטער טויזנט איז נאָך געבליבן. וואו זיינען זיי יעצט? וואו האָבן זיי אַריבערגעטראָגן דעם שטורעם פונם נייעם, דייטש־רוסישן קריג? צי האָט זיי דער נייער שטורם געשווינט און וואוהין האָט ער זיי פאַרטראָגן?

.6

די צוויי אַנדערע טיילן פון מרכז „החלוץ" האָבן אין דער זעלבער צייט אָנגעפאַנגען זייער אַרבעט איןביידע טיילן פון צעטיילטן פוילן.

נישט לייכט איז געווען דאָס צוריקבויען די באַוועגונג אין סאָוועטישן טייל פון פוילן. די פאַרבינדונגען מיט די שטעט איז געווען איבערגעריסן. אדרעסן פון חברים — שוין נישט ווערט פיל. אַ גרויסער טייל אדרעסאַטן זיינען אַוועק קיין ווילנע, אַ טייל — געבליבן אין די שטעט פון נאַצי־אָקופּאַציע. די פּאָסט האָט פונקציאָנירט נישט רעגולער. באַן —אויך אַזוי. דאָס ערגסטע איז געווען אָבער דאָס, וואָס די סאָוועטישע געהיים־פּאָליציי האָט זיך גענומען „רייניקן". ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן און פאַרשיקונגען.

האָבן זיך פיל טאַקע אונטערגעגעבן. גאַנצע באַוועגונגען זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. פון „בונד" אָדער רעוויזיאָניסטן איז קיין שפור ניט

געבליבן. זיי האָבן אפילו נישט פרובירט פאַרזעצן זייער אַרבעט. די איינציקע, וועלכע איז געבליבן אויף דער וואך צו היטן דאָס יידישע לעבן, זיין היינט און זיין צוקונפט — איז געווען די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע מחנה, און קודם־כל די חלוצישע יוגנט.

נאָך דריי חדשים אַרבעט, ווען כמעט אין יעדער שטאָט אין סאָוועטישן פוילן האָט שוין עקזיסטירט אַן עומלעגאַלע אָפּטיילונג פון דער באַוועגונג, — איז גערופן געוואָרן די גרינדונגס־קאָנפערענץ פון דער נייער, אונטערערדישער חלוצישער יוגנט־באַוועגונג.

ניי־יאָר 1940 איז אין לעמבערג צושטאַנד געקומען די גרינדונגס־קאָנפערענץ. ס'זיינען געקומען דעלעגאַטן פון אַלע ראַיאָנען. דאָן זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן די אַרבעטס מעטאָדן און די אידישע פּלאַטפאָרם.

מען איז געקומען צו אַן איינהייטלעכער אידעאישער פּלאַטפאָרם, וועלכע זאָגט, אַז דער ציל פון דער באַוועגונג איז צו שטאַרקן דעם כוח פון יידישן פאָלק, פלעגן זיינע ווערטן, קעמפן קעגן אַסימילאַציע און דערציען אַ יינגן חלוץ, גרייט צו יעדער צייט פאַר קרבנות פאַר דער דערלייזונג פון פאָלק. אין פאַל פון אַ נאַציאָנאַל וועט זי רופן אירע חברים צו פאַרטיידיקונג. זי קעמפט אָבער פאַר אַנערקענען דעם ציוניזם אַלס די איינציקע אידייע, וואָס דורך איר פאַרווירקלאַכונג וועט דאָס יידישע פאָלק אויסגעלייזט ווערן.

דריי טעג האָט די קאָנפערענץ געדויערט. די חברים זיינען זיך צעפאָרן מיט פרישע כוחות און מיט נייעם מוט פאַר דער אַרבעט.

נאָך דער קאָנפערענץ האָט די באַוועגונג אָנגעהויבן צו וואַקסן. הונדערטער יוגנטלאַכע זיינען צוגעקומען. ס'איז געוואַקסן דער ענטוזיאַזם מיט יעדן ביולעטין, מיט יעדער צייטונג, וואָס די באַוועגונג האָט אַרויסגעגעבן. יעדער צירקוליאַר איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, איבערגעבנדיק ידיעות וועגן ארץ־ישראל, וועגן די דערגרייכונגען פון דער הסתדרות אין דער מלחמה־צייט, וועגן דער לאַגע פון די יידן אין די נאַצי־לענדער.

מען האָט אָנגעהויבן אַ שטילע אַרבעט אויף דער יידישער גאַס. אַ דאַנק די באַמיאונגען פון דער באַוועגונג זיינען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פיל יידישע שולן פון ליקווידאַציע, פון אַריבערגיין אויף רוסיש אָדער

אוקראיניש. צום 25־טן יאָרצייט פון י. ל. פּרץ, זיינען אַ דאַנק דער חלוצישער באַוועגונג, אָרגאַניזירט געוואָרן אַקאַדעמיעס, אויפן לעמבער־ נער אוניווערסיטעט, אין די מיטל־שולן. צו יעדן יידישן יום־טוב, ווי אויך צום חג־ההסתדרות, באַלפור־דעקלאַראַציע, כ׳ תמוז — זיינען דער־ שינען ספּעציעלע אויפלאַגעס פאַר דער יוגנט.

דערפאַר האָט די באַוועגונג געמוזט צאָלן מיט שווערע קרבנות. חברים זיינען אַוועקגעריסן געוואָרן דורך דער געהיים־פּאָליציי און פאַר־ שיקט צו שווערער אַרבעט אין שאַכטן. דאָס האָט אָבער נישט געבראָכן דעם מוט. זייער אָרט האָבן פאַרנומען נייע, יונגע יינגלאַך און מיידלאַך.

(* .7

אַנדערש איז געווען אין נאַצי־פּוילן. דאָ האָט דער מרכז געהאַט אַנ־ דערע שוועריקייטן ביים צוריקבויען די באַוועגונג.

שטעט זיינען חרוב געוואָרן. יידן זיינען געטריבן געוואָרן פון שטאָט צו שטאָט. די גרעסטע טייל פאַרשפּאַרט אין די געטאָס. דאָס בילד איז באַקאַנט.

שרעקלאַך איז די לאַגע פון דער יידישער יוגנט. אָן אַרבעט, אָן אַ צוקונפט, דערדריקט, פאַרצווייפלט, האָט זי זיך נישט געקענט אַן עצה געבן.

און אָט איז צווישן דער יוגנט אין גאַנצן לאַנד דערגאַנגען די ידיעה, אַז דער מרכז „החלוץ“ איז דאָ צוריק אויפן אָרט, געקומען שטאַרקן די יוגנט, צוגעבן איר מוט דורכצוהאַלטן.

און די יוגנט האָט באַלד דערפילט די הילף. דער מרכז, אין באַ־ שטאַנד פון עטלאַכע מענטשן, בראש פון וועלכן ס׳האָבן זיך געשטעלט צוויי יונגע מיידלאַך, האָט אָנגעהויבן די אַרבעט. די מיידלאַך זיינען גע־ פאָרן פון שטאָט צו שטאָט. געשמוגלט זיך דורך די באַנען, געקומען אָר־ מעטום, געוועקט, געטרייסט, צוגעגעבן מוט.

און די אַרבעט איז געוואָרן פאַרגעזעצט. אָן מיטלען, מיט אַ געווי־

---

*) צוליב פאַרשטענדלאַכע טעמים מוז איך וועגן דער אַרבעט אין נאַצי־פּוילן שטאַרק מקצר זיין.

סער הילף פון אמעריקע, האָט מען אויפגעשטעלט לאנדווירטשאַפטלאכע פאַרמס, געגרינדעט ארבעטס־אַרטעלן, אָרגאַניזירט פאָלקס־קיכן. הונ־דערטער יוגנטלאכע האָבן אויפגעלעבט, צוריק באַקומען זייער יוגנט.

עס לאָזט זיך נישט באַריכות שרייבן וועגן דעם „החלוץ" אין נאַצי־פוילן. מיר ווייסן אָבער, אַז ער טוט ווייטער זיין אַרבעט און ברענגט מיט זיך הילף און מוט נישט נאָר פאַר די חברים פון די קיבוצים און אר־טעלן, נאָר אויך פאַר דער ברייטער יידישער מאַסע, וועלכע קרעכצט אונטערן שטיוול פונם שרעקלאכן אָקופּאַנט.

# דער פוילישער דעמאָקראַטישער פראָנט און די יידן־פראַגע

פון

פעליקס גראָס

דער ארטיקל, וועלכער איז אנגעשריבן געווארן דורך א באקאנטן טוער פון פ. פ. ס. ווערט געבראכט, מיט אייניקע פארקירצונגען, פון „קאנגרעס וויקלי“ (וועכנטלאכע אויסגאבע פון יידישן וועלט־קאנגרעס).

די דיסקוסיע איבער דער יידן־פראגע אין פוילן איז סיי אין די פאריייניקטע שטאטן, אזוי אויך אין ענגלאנד, ווייטער א לעבעדיקע. לאמיר דערמאנען כאטשבי די דיסקוסיע, וועלכע איז לעצטנס פארגעקומען אויף די שפאלטן פון „ניישן“, „ניו־יארק פאסט“, „ניו לידער“ און „קאנגרעס וויקלי“.

די דאזיקע דיסקוסיעס דערגרייכן אבער ניט שטענדיק דעם עיקר פון דער זאך און זיינען אפט ווייניק קאנסטרוקטיוו. פארוואס? ווארום עס איז אונז בלי ספק באקאנט, אז אין ענגלאנד געפינען זיך אויך אייניקע אנטידעמאקראטישע, ענדעקישע און אנטיסעמיטישע עלעמענטן, אז זיי קאנצענטרירן זיך ארום דעם שריפטל „יעסטעם פאלאקעם“, אז די דאזיקע גרופן האבן ארויסגערוקט די קאנדידאטור פון קריגערישן ענדעק ביעלעצקי, אלס וויצע־פרעמיער, אז... מיר וואלטן דא געקאנט ברענגען נאך א ריי פאקטן, וואס דארפן פאראורטיילט ווערן. אבער דאס באגרעניצן די גאנצע פויליש־יידישע פראגע בלויז צו די פאקטן, דאס פארשמעלערן דעם פראבלעם צום קאמף מיט דער נישט אייניקער ווידער גרופע, הייסט

פארטונקלען פון איין זייט די פּאָליטישע בילד פון פּוילן, און איז פון דער אנדערער זייט ווייניק קאָנסטרוקטיוו, ווייל דאָס שאַפט דעם עמאָציאָנעלן באַריער פאַרן אויסבויען די פּויליש־יידישע פריינטשאַפט, וועלכע איז אַזוי נויטיק פאַרן ווידער־אויפבוי פון פּוילן.

מ'האָט כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן די מעכטיקע דעמאָקראַטישע כוחות, וועגן די פיל גרופּירונגען, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט אין פּוילן דער באַרבאַריי, מיט אַ פיל גרעסערער דרייסטקייט און הצלחה, ווי אין דייטשלאַנד, אונגאַרן און אין אַנדערע לענדער. וועגן דעם דערמאָנט מען אין די דיסקוסיעס אַמוויניקסטן.

די דאָזיקע גרופּירונגען זיינען געווען קודם־כל די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, אַרבעטער־בילדונגס־אָרגאַניזאַציעס, דער דעמאָקראַטישער קלוב, די פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ און אַ ריי אַנדערע, נישט נאָר סאָציאַליסטישע גרופּן. טראָץ דער דעמאַגאָגישער אַגיטאַציע פון די פּראָפאַשיסטישע גרופּירונגען, טראָץ דעם פאַקט, וואָס די דאָזיקע אַגיטאַציע פלעגט דאָ און דאָרט מאַכן דורכבראָכן צווישן די פּאַראָרימטע מאַסן, איז די דעמאָקראַטישע באַוועגונג פאַרבליבן טריי אירע אידעאַלן און האָט געפירט איר קאַמף מיט דער פולער אונטערשטיצונג פון די פּוילישע מאַסן. בלי ספק, — די רעליגיע פון האַס, געשטיצט דורך האַלב־אָפיציעלע פאַקטאָרן, איז נישט געבליבן לגמרי אָן רעזולטאַטן. אין רוסלאַנד האָט אין 1905 פּאַראַזיטירט אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג די „שוואַרצע מאה“, וועגן גורל פון רוסלאַנד האָט אָבער נישט זי דעצידירט.

נאָך דער טאָטאַלער אָקופּאַציע פון דער פּוילישער רעפּובליק, זיינען אַנטשטאַנען נייע דעמאָקראַטישע כוחות, און זיי האָבן אויפגעהויבן דעם קאַמף פאַרן פריינטלאַכן צוזאַמענלעבן צווישן די נאַציאָנאַליטעטן פון פּוילן. אינם דאָזיקן אונטערערדישן קאַמף, אין וועלכן ס'איז נישטאָ קיין פאַרדאָן און קיין קאָמפּראָמיס, האָבן זיך געאייניקט די הענט פון פּאָליאַקן און יידן אינם געמיינזאַמען קאַמף פאַר אַ נייער פּוילן, פאַר אַן אומאָפּהענגיקער און פאָלקס־פּוילן. די אונטערערדישע אַרבעטער־באַוועגונג איז פאַראייניקט אין קאַמף, טראָץ די מויערן פון געטאָ.

און די באַוועגונג האָט זיך געשטאַרקט. אין 1940 איז פאַרעפנטלאַכט געוואָרן אין דער אומלעגאַלער אויסגאַבע „וואָלנאָשטש“—אַן אויס־

גאבע פון א מאסן־אָרגאניזאציע מיט דעם זעלבן נאָמען — דער „פריוו־הייטס־מאַניפעסט“, אַלס פּראָגראַם פון דער באַוועגונג. דער „מאַניפעסט“ דריקט אויס אומצווייִדייטיק די שטעלונג פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין דער נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע: „כדי דער בלוט־אָפּפער, וועלכער ווערט זייט יאָרן ברייט אָוועקגעגעבן, זאָל נישט זיין אומזיסט, פאַרמולירן מיר די צילן פונם קאַמף אויפן פאָלגנדן אופן: ... פאַר אַלע פעלקער אין פוילן דאַרף גאַראַנטירט ווערן פולע גלייכבאַרעכטיקונג, פּאָליטישע, ווירטשאַפטלאַכע און קולטורעלע. ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם דאַרפן באַזייטיקט ווערן פונם עפנטלאַכן לעבן אין פוילן.“

און ווען דער אָקופּאַנט האָט פאַרשלאָסן אין געטאָ טויזנטער מענטשן, וואָס ליידן מאָראַליש און פיזיש, האָט זיך פון אונטער־ערד אָפּגערופן א מעכטיקער פּראָטעסט, וואָס האָט דורכן אומלעגאַלן פלוג־בלאַט פון נאָוועמבער 1940, פאַראורטיילט די נייע ברוטאַליטעט אין שאַנדע ווערטער: „צום אַרבעטס־פאָלק פון וואַרשע!

„צו דער ענדלאָזער קייט פון פאַרברעכנס און אכזריות'דיקע טאַטן, וואָס ווערן אויסגעפירט אין אונזער לאַנד, האָט דער היטלערישער אָקופּאַנט צוגעגעבן נאָך א רינג: דער לעבעדיקער קערפּער פון דער פוילישער הויפּט־שטאָט איז צעשניטן געוואָרן דורך חרפה'דיקע מויערן...

„דער פאַרברעכערישער, געמיינער און ביטערער אָקופּאַנט — לייענען מיר ווייטער — זעט, אז די רעפּרעסיעס וועלן ניט שוואַכער מאַכן די פאַראַכטונג, וואָס רינגלט אים אַרום, ער באַמיט זיך, אַלזאָ, אָפּוועגדן פון זיך דעם האַס, וועלכן ער פילט אַרום זיך. „נישט היטלער איז שולדיק אין די ליידן פון פוילישן פאָלק, — שולדיק זיינען יידן“. און יעצט וויל די ווילדע דייטשע פּראָפּאַגאַנדע ריכטן די שאַרפקייט פונם האַס פון פאַריאָכטן פוילישן פאָלק קעגן די פאַרשלאָסענע הינטער די מויערן פון געטאָ.

„דאָס פוילישע פאָלק פאַרשטייט דעם זין פונם דאָזיקן שפּיל און וואַרפט אָפּ מיט פאַראַכטונג די פאָרגעשלאָגענע אים דורכן היטלעריזם שטעלונג פון בעסערן, נאָך נישט פאַרשלאָסענעם אין געטאָ, שקלאַף.“

אינם „מאַניפעסט צו די פעלקער פון גאָר דער וועלט“, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער לייטונג פון דער פוילישער אַרבעטער־

באוועגונג, געפינען מיר שטאַרקע ווערטער פון שוץ פאַר דער יידישער באַפעלקערונג און אַ שאַרפע פאַראורטיילונג פונם יידישן געטאָ. דער דאָזיקער מאַניפעסט איז אָנגענומען געוואָרן דורך פאָרשטייער פון צוויי טויזנט אומלעגאַלע גרופן אין פוילן.

דאָס איז אַ הייפל דאָקומענטן — און מעשים?

כ׳וועל נישט שרייבן וועגן דעם, וואָס די פוילישע באַפעלקערונג, טראָץ די סכנות, שטעלט דאָך צו לעבנס־מיטלען אין געטאָ. עס איז אויך גענוג באַקאַנט דער פאַקט וועגן דער סאָלידאַרער צוזאַמענאַרבעט פון די אומלעגאַלע אַרבעטער־באַוועגונגען, דער פוילישער און דער יידישער. די דאָזיקע פאַקטן נויטיקן זיך נישט אין אַ ווידערהאָלונג.

וויניקער זיינען אָבער באַקאַנט די פאַקטן פון אָרגאַניזירן די פריינטשאַפט פון ביידע געזעלשאַפטן, וואָס גרייכט ווייט מחוץ די ראַמען פון די מעכטיקע אַרבעטער־באַוועגונגען. אין איינעם פון די גרעסטע פוילישע און יידישע צענטערן אין מזרח־טייל פון פוילן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פוילישע ליגע צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. אין דער ליגע זיינען אריין פאָרשטייער פון דער אַרבעטס־אינטעליגענץ, דערבײַ מענטשן מיט באַקאַנטע נעמען אין פוילן. די ליגע האָט איינגעאָרדנט אַ ריי אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען און צוגעגרייט אַ ברייטערע אַקציע. מ׳האָט געפלאַנט אויך אַ קאָנפערענץ פון די פוילישע און פון די יידישע גרופּירונגען, כדי אונטערצושטרייכן די געמיינזאַמע פריינטשאַפט, איינפאַרשטענדעניש און ווילן צום קאַמף פאַר פרייהייט. די אַרעסטן האָבן געשטערט צו דער פולער רעאַליזירונג פונם פּלאַן.

די פאָרשטייער פון די דעמאָקראַטישע רעגירונגען אין לאָנדאָן פאַרנעמען אין דער הינזיכט אַן ענלעכע שטעלונג. כ׳וויל דאָ דערמאָנען כאָטשבי די דערקלערונג פון אַרבעטס־מיניסטער און גען. סעקרעטאַר פון די פוילישע באַרג־אַרבעטער, סטאַנטשיק, וועלכער האָט, צווישן אַנדערן, דערקלערט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם האָט געהאַט אַלס ציל, צו פּאַראַליזירן די פוילישע געזעלשאַפט אין אינערלעכע קאַמפן און אָפּצושוואַכן זיין ווילן צום צוגרייטן זיך צום קאַמף מיט דייטשלאַנד, אין מאָמענט, ווען זי וועט אַטאַקירן די פוילישע גרעניצן.

„יעדער אַנטיסעמיטיזם מוז ווערן פאַרורטיילט, נישט נאָר ווייל ער

שטייט אין סתירה מיט מענטשלאכע געפילן, ווייל ער איז א באַרבאַריזם וואָס איז אומווירדיק פאַרן מענטשן, — נאָר אויך דערפאַר, וואָס ער מאַכט אוממעגלאך די האַרמאָנישע קאָאָפּעראַציע פון די יידן מיט דער איבעריקער, פוילישער געזעלשאַפט!"

„אין פוילן, וועלכע וועט אנטוויקלען איר אינדוסטריעלע ווירטשאַפט און וועט ענדערן איר איינזייטיקע סטרוקטור פון אן אַגראַר לאַנד אויף א געהעריק־אינדוסטריאַליזירט לאַנד, וועלן אַלע, פּאָליאַקן, יידן און אוקראַינער, געפינען באַשעפטיקונג!"

א צווייטער פוילישער אַרבעטער־פירער, מיטגליד פון פוילישן נאַציאָנאַל־ראַט, אַדאַם טשאַלקאָוש, וועלכער איז אויך שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך אַפילו אויסגעלערנט יידיש, כדי בעסער צו פאַרשטיין די יידישע אַרבעטער אין פוילן.

די דאָזיקע שטימען זיינען באַדייטנד שטאַרקער, ווי די רופן צו האַס. זיי ווייזן אויף דער נויטיקייט צו בויען די פויליש־יידישע פריינטשאַפט לעבן שוין איינע נעבן דער אַנדערער זייט דורות אז א דאַנק דעם כוחות אין פוילן.

אין פייער פון דער דיסקוסיע, ביים זוכן די עלעמענטן, וואָס טיילן ביידע געזעלשאַפטן, האָט מען פאַרגעסן, אז איינע און די צווייטע געזעלשאַפט לעבן שוין איינע נעבן דער אַנדערער זייט דורות, אז א דאַנק דעם איז אַנטשטאַנען א דויערהאַפטיקער צוזאַמענלעבן. די צוקונפט קאָן מען בויען נאָר אויף די פּרינציפּן, נאָר אויפן יסוד פון האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן פון ביידע פעלקער. מ'דאַרף אַרבעטן פאַר דער צוקונפט, אַרויסבאַקומענדיק פון אונז דאָס אַלץ, וואָס אייניקט, און אָפּוואַרפנדיק דאָס, וואָס טיילט.

כ'וויל דערמאָנען אן אַנדער תקופה אין פוילן, נישט אזא אָנגעלאָדענע מיט רעזולטאַטן, ווי די יעצטיקע תקופה, אָבער פונדעסטוועגן אויך אן איבער־ברוך־תקופה — די צייט פונם אויפשטאַנד פון 1863. אינם דאָזיקן אויפשטאַנד איז אין א געוויסן זין אויסגעשמידט געוואָרן די פויליש־יידישע פריינטשאַפט, וועלכע האָט געדויערט לאַנגע יאָרן, געגעבן גוטע רעזולטאַטן און איז אויך יעצט פאַר אונז א ביישפּיל. אזא קאַפּיטאַל דאַרפן מיר יעצט צונויפזאַמלען.

אמת, עס זיינען פאַראַנען פּראָפאַשיסטישע פּוילישע גרופּירונגען, וועמענס ציל איז צו שטאַרקן נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען און וועלכע די־נען אָביעקטיוו דער אידעאָלאָגיע, קענען וועלכער עס נייט יעצט דער קריג אויף דער ערד, אויפן ים און אין דער לופט. עס איז אָבער קודם־כל אַן אמת, אַז אַן אומגעהייערע ראָל אין לאַנד שפּילן היינט די דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וועלכע דינען יענע צילן, פאַר וועלכע עס קעמפט יעצט די גאַנ־צע ציוויליזירטע וועלט. זיי קעמפן אויך פאַר דער יידישער גלייכבארעכ־טיקונג, פאַרן צעברעכן די מויערן פון געטאָ. אויף די דאָזיקע עלעמענטן מוזן מיר שטיצן אונזערע האָפנונגען, די דאָזיקע באַוועגונגען דאַרפן מיר קודם־כל ווידמען דעם גרעסטן טייל פון אונזער אויפמערקזאַמקייט און זיי דאַרפן גענומען ווערן אין חשבון, ביים אורטיילן דאָס פּוילישע פאָלק און די צוקונפט פון פּוילן.

# אָפּקלאַנגען

## בונדישע זעלבסט - רעקלאַמע

אינם „יידישן קעמפער" שטעלט זיך אָפּ ה. בן־טוב אויפן גרויסן געפּילדער, וואָס דער „בונד" מאַכט אַרום זיין אונטערערדי־שער אַרבעט קעגן היטלעריזם אין פּוילן, ווי אויך אַרום זיין בלומרשטן גרויסן אַנטייל אין דער פּאַרטיידיקונג פון וואַרשע. דער מחבר שטעמפּלט עס, אַלס זעלבסט - רעקלאַמע פון „בונד" און באַמערקט:

דאַרף מען... די יידישע מאַסן אין פּוילן איבערצייגן אין דער שעדלאַכקייט און פאַרברעכערישקייט פון היטלעריזם? דאַרף מען זיי ספּעציעל אויפקלערן און אַגיטירן, דורך אונטערערדישער אַרבעט, וועגן אמת׳ן כאַראַקטער און מהות פון היטלעריזם, וועגן זיינע מנובל׳דיקע טעאָריעס און פאַר־ברעכערישער פּראַקטיק? איז דען די יידישע מאַסע אין פּוילן שוין פריער ניט געווען באַוואוסט אי־בער דעם? אוז האָט נישט די קרימינעלע טעטיקייט פון די היט־לעריסטישע מושלים אין פּוילן אויפגעקלערט איבער־גענוג אַפילו דעם אָפּגעשטאַנענסטן יידן (אויב אַזאַ איז אין באַצוג צום היטלע־ריזם בכלל געווען), וואָס דער נאַציזם איז?

### דער מחבר פירט אויס:

טאָ צו וואָס איז דער רעש און געפּילדער וועגן דער אונטערערדי־שער אַרבעט פון „בונד"? צו וואָס איז דער גאַנצער טומל וועגן דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס די בּונדי־שע קרייזן ווילן מאַכן דאָ אין אַמע־ריקע? אַפילו אַ מלופים - קינד וועט דאָך פאַרשטיין, אַז די יידי־שע מאַסן דאַרפן קעמפן קעגן הי־טלעריזם...

אַ וואָס, די בונדישע אונטערער־דישע אַרבעט אין פּוילן רופט די מאַסן, נישט צו פאַרלירן דעם מוט, האָבן אויסדויער און אויסהאַלטן ביז בעסערע צייטן? זיינען מיר זי־כער, אַז דאָס טוען אויך אַלע אַנדע־רע יידישע פּאַרטייען אינם געטאָ, און צו דעם איז לאַו דווקא נויטיק „אונטערערדישע" אַרבעט. אינם גע־טאָ, אין די תנאים פון פולשטענ־דיקער איזאָלירונג פון די יידן פון דער אַרומיקער דייטשער און פוילישער סביבה, קען אַט די דאָזי־קע דערמוטיקונגס־און שטאַרקונגס־אַרבעט געפירט ווערן, וואו נאָר יידן טרעפן זיך.

## אַ מעשה מיט „אַרבעטער־באַטאַליאָנען"

זעלבסט - רעקלאַמע טרייבט אויך דער „בונד" מיט עפּעס אַ געשיכטע וועגן „אַרבעטער - באַ־טאַליאָנען", וואָס ער האָט אָר־גאַניזירט פאַר דער פּאַרטיידי־קונג פון וואַרשע. שרייבט טאַקע וועגן דעם „דער יידישער קעמ־פער":

. . . יעדערער ווייסט, דאַכט זיך, אַז וואַרשע, בעת איר איינציקאַרטי־קער, העלדישער פּאַרטיידיקונג, איז דורך די דייטשן אַטאַקירט געוואָרן דער עיקר פון דער לופטן, ווי אויך באַשאָסן געוואָרן דורך אַרטילעריע, וואָס איז געשטאַנען הינטער די וואַרשעווער פאָרשטעט, וואָליע און פּאַוואַנזעק. וואָס האָבן „אַרבעטער־באַטאַליאָנען" געקענט העלפן קעגן די לופט - אַטאַקעס און קעגן באַ־

שיסן די שטאט פון שווערע האר־
מאטן, — ווייסט איין גאט אליין.

דער מחבר דערציילט ווייטער גענוי וועגן דער אָרגאַניזירונג פון דער פאַרטיידיקונג פון וואַר־שע און באַמערקט:

... וואַרשע איז פאַרטיידיקט געוואָרן דורך מיליטער, וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען, און ניט דורך דער ציווילער באַפעלקערונג; . . . די דאָזיקע העלדישע פאַרטיידיקונג איז געפירט געוואָרן דורך זעלנער, מיט ביקסן, מיט קוילנוואַרפערס, מיט קאַנאָנען, מיט טאַנקען, און ניט מיט עפּעס „אַרבעטער־באַטאַליאָ־נען"; און טאַמער האָט פּ. פּ. ס. גע־רופן לכתחילה צו אָרגאַניזירן אַזעל־כע באַטאַליאָנען, האָבן זיי אָבער, צוליבן עצם־כאַראַקטער פונם קריג, וואָס איז געפירט געוואָרן אַרום וואַרשע, נישט געקענט שפּילן אין אים די מ י נ ד ע ס ט ע ראָל.

און וואָס שייך דער באַהויפּ־טונג פון „בונד", אַז בלויז ער אַליין האָט זיך באַטייליקט אין פאַרטיידיקן וואַרשע, ווייזט אָן צום סוף דער מחבר פונם אַרטיקל:

אין מיליטער ווידער, וואָס האָט העלדיש פאַרטיידיקט וואַרשע, זיינען, ווי געוויינלאַך, געווען יידי־שע זעלנער, סתם־יידן, און דעריבער האָבן אויך יידן פאַרטיידיקט די שטאָט, — אָבער נישט דווקא בונ־דיסטן, וואָס ווילן זיך יעצט מאַכן אַ נאַרישע און לעכערלאַכע זעלבסט־רעקלאַמע נישט בלויז אויף דער יידישער גאַס, נאָר און אפשר נאָך מער — אין די פּוילישע הויכע פענסטער.

## „קוילע מיר מיינע גענז"...

שוין נאָכדעם ווי דער אַרטיקל איז דערשינען אין „ייִדיש קעמפּער", איז אַרויס דער סעפּ־טעמבער־נומער „אונזער צייט", וואו עס זיינען אָפּגעדרוקט גע־וואָרן זכרונות פון די סעפּטעמ־בער־טעג 1939 אין וואַרשע. און אין די דאָזיקע זכרונות א. נ. „אין יענע טעג", לייענען מיר פאָלגענדע ווערטער וועגן די א. ג. „אַרבעטער־באַטאַליאָנען" פון בונד:

בעת די פּ.פּ.ס. איז צוגעטראָטן שאַפן דעם אַרבעטער־באַטאַליאָן, האָט זי זיך פאַרשטענדיקט מיט אונז, און אויך מיר האָבן דורך דער צייטונג אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף צו די יידישע אַרבעטער און צו דער אַרבעטער־יוגנט, אַז זיי זאָלן זיך מאַסנווייז פאַרשרייבן אין באַטאַ־ליאָן. גלייכצייטיק האָט אויך אַ דע־לעגאַציע פון באַטאַליאָן זיך גע־ווענדעט צו אונז וועגן העלפן זיי זאַמלען פעלד־בעטלאַך, וועש, קאָצן און מעדיקאַמענטן.

דער בונדישער זכרונות־שריי־בער איז, הייסט עס, אַליין מודה, אַז בסך־הכל איז געווען נאָר א י י ן אַרבעטער־באַ־טאַליאָן און דערצו איז ער גע־שאַפן געוואָרן דורך פּ. פּ. ס.

אָט אַזוי זעט עס אויס אין דער ווירקלאַכקייט די גאַנצע בלאָף־מעשה מיט די „אַרבעטער־באַטאַליאָנען", וועלכע דער בונד האָט בשעתו געשאַפן צום „פאַר־טיידיקן וואַרשע". עס איז די אַלטע מעשה מיט „קוילע מיר מיינע גענז", און דערביי ווייזט זיך נאָך אַרויס, אַז די א י י ן־א י י נ צ י ק ע גאַנץ איז אויך געווען ניט פון „בונד", נאָר — פון פּ. פּ. ס....

# דאָס אידישע לעבן אין נאַצי - פּוילן

פון א בריוו וואס איז ארויס פון ווארשע אָנפאַנג אַפּריל, 1941

## ווי זעט אויס דאָס טאָג־טעגלאַכע לעבן?

איינער פון די הויפּט־מיטלען פאר פאַרווירקלאַכן די נאַצישע פּאָליטיק אין פּוילן בנוגע יידן, איז — דאָס פארשפּאַרן די יידן אין געטאָס, הינטער הויכע ווענט און אָפּגעשלאָסענע גרעניצן, וואו מ׳פארשליסט זיי אויף שלעסער. דאָס גאַנצע לאַנד באַשטייט יעצט פון גרעניצן. יעדע שטאָט און שטעטל און אַפילו די גאַסן, הייזער און הויפן, אַלץ איז איינגעשלאָסן אין גרעניצן און ווערט באַהיט דורך וועכטער, כדי דער ייד זאָל חלילה נישט פּורץ־גדר זיין. וואָס עס באַדייט דאָס לעצטע, איז איבעריק צו קאָמענטירן.

דאָס אָפּשליסן די יידן האָט אַ באַשטימטן ציל: פולשטענדיק איזאָלירן די יידן פון זייערע שכנים, פון יעדן ווירטשאַפטלאַכן, פערזענלאַכן געזעלשאַפטלאַכן קאָנטאַקט מיט זיי. דאָס האָט געצילט צו אַ פולשטענדיקער ליקווידאַציע פונם ווירטשאַפטלאַכן לעבן פון די יידן. ווירטשאַפטלאַך לעבן יעצט יידן פון שיריים וועלכע ווערן מיט סכנות־נפשות אריינגעשמוגלט אין געטאָ. עס איז אויף אונז מקוים געוואָרן דאָס וואָרט „יהודים לכו והתפרנסו זה מזה". און די פרנסות זיינען אונז גענוג באַקאַנט: די גאַסן, הינטערגעסלעך, הויפן זיינען מלא וגדוש מיט יידן „סוחרים". דער ממשותדיקער ווערט פון דער „סחורה" דערגרייכט בלויז צו אייניקע „פּרוטות. אין דעם זיינען פארוואַנדלט געוואָרן די „ווירטשאַפטלאַכע אַרטעריען" פון די יידן אין געטאָ.

צוהילף דער אויסראָטונגס־פּאָליטיק איז געקומען דאָס קאָנצענטרירן די יידן אין די גרויסע שטעט. ריכטיקער, — דאָס אָפּשליסן די יידן אין געטאָס פון די גרויסע שטעט, וואָרום די נאַצים לוינט נישט צו צעטרענצלען אדמיניסטראַטיווע כוחות אויף יידישע ענינים אין דעם אָדער יענעם שטעטל. עס איז מעגלאַך צו קאָנצענטרירן זיי, כדי דאָס שלעכטס זאָל זיי טרעפן קאָנצענטרירטער הייט. חוץ דעם פארגרעסערט זיך אין דער קאָנצענטראַציע די ענגשאַפט, עס פאַרמערן זיך די קראַנקהייטן און פאר פארהונגערונג עפנט זיך דורכדעם אַ ברייטער פּלאַץ.

פאקטיש זיינען שוין ארויסגעטריבן געוואָרן די מערהייט יידן פון די שטעט און דערפער לעבן ווארשע. אין דער לעצטער צייט האָט מען פארטריבן 170 טויזנט יידן און עס ווערט דערוואַרט אַ ווייטערדיקער גירוש. די יידן קומען בעירום ובחוסר כל. און דער באַגאַזש, וואָס מען דערלויבט זיי מיטנעמען, איז נאָר פּיין און צרות... מען רעדט ערנסט וועגן פיר שטעט פאר יידן: ווארשע, לובלין, קיעלץ און רייַשע (זשעשוב אין מערב - גאַליציע). אין דער לעצטער צייט האָט מען ווינער יידן פארטריבן קיין לובלין. מען איז חושד, אז עס זאָל פארווירקלאַכט ווערן דער אַלטער פּלאַן וועגן קאָנצענטרירן אַלע יידן פון דייטשלאַנד אין גאָווערנעמענט. פיל גורמים באַוועגן זיי דערצו.

## די אַרבעטס - לאַגערן

די יידישע צרות ענדיקן זיך אָבער נישט מיטן געטאָ. יעדן יידישן יונגנמאַן באַפאַלט אין יעצטיקער צייט אַ מורא, — ער שרעקט זיך פאַר די אַרבעטס־לאַגערן, וועלכע דאַרפן אָרגאַניזירט ווערן אין פרילינגס־צייט. מיר ווייסן שוין איבערגענוג, וואָס זיינען די דאָזיקע לאַגערן. דער אָפיציעלער ציל פון די לאַגערן איז, חוץ דעם אויספירן די נויטיקע אַרבעטן דורך יידישע קרעפטן, — אויך די „דערציאונג" פון די יידן. און אַז אַך און ווי איז צו אַ יידישן יונגנמאַן, וועמענס גורל איז צו

זיין זייער תלמיד. פיל האבן זיך גע־
שיידט מיטן לעבן אין זייער יוגנט. איז
די צוריקקערנדע איז שווער צו דערקע־
נען דעם מענטשלאכן פרצוף. שטעלט זיך
פאר, אז ווארשע דארף צושטעלן אין
אנפאנג פרילינג 50.000 יוגנטלאכע אין
די ארבעטס־לאגערן. די קהילה - פאר־
וואלטונג מאכט פרואוון אויפצושטעלן
ארבעטס - לאגערן מיט א זעלבסט־פאר־
וואלטונג. דער דאזיקער פרואוו איז
דורכגעפירט געווארן מיט דער הילף
פון חברים פון „החלוץ״. מערסטנטיילס
איז עס געלונגען. דאס האט געגעבן א
שטויס, אז אויך אין דער צוקונפט זאל
עס ארגאניזירט ווערן. אבער דאס איז
נישט עלוי צו פארלייכטערן די שווע־
ריקייט פון דער גאנצער פראגע.

## דאס אינערלאכע לעבן אין געטא

די יידן האבן יעצט באקומען אווי־
טאנאמיע״. די קהילה איז היינט־צו־
טאג — א רעגירונג פאר יידישע עני־
נים. די שפראצונגען פון א יידישער
אויטאנאמיע כביכול זיינען שוין געווען
פארן געטא. איך וואלט אנגערופן די
קהילה — א יידישע רעגירונג אין א
קרומען שפיגל. זי איז איצט דער אד־
רעס פאר אלץ — פון גזירות ביז דער
פאסט, פאליציי, אפראוויזאציע, סא־
ציאלע אנשטאלטן א. אז. וו. אויך די
איינלאדונגען צו ארבעט ווערן ארגאני־
זירט דורך דער קהילה. צו דעם ציל
איז ארגאניזירט געווארן ביי דער קהילה
א קאמיסיע פאר ארבעטס־ענינים. אין
דער לעצטער צייט זיינען דערהאלטן
געווארן אינסטרוקציעס פון דער מאכט
וועגן איינארדענען גרויסע ווארשטאטן
אויף אויספירן רעגירונגס־ארבעטן. מען
האט ארגאניזירט ניי־ווארשטאטן, יעדע־
רע מיט 600 מאשינען, ווי אויך שוס־
טער - ווארשטאטן, סטאלערייען, ווער־
שטאטן פאר טריקאטאזש־ארבעטן. אלס
באלוינונג פאר דער ארבעט וועט די
קהילה באקומען אפראוויזאציע פאר
יידן. די מאכט אינטערעסירט זיך מיט
די פאכמענישע קרעפטן צווישן די יידן.
צו דעם צוועק איז דערלויבט געווארן
אויפשטעלן פראפעסיאנעלע קורסן פאר
דער יוגנט. עס זיינען פאראן אין
ווארשע צענדליקער קורסן, וואו פיל
טויזנטער בחורים און מיידלאך אין על־
טער פון 15 ביז 19 יאר לערנען אין
איינציקע שיכטן. דאס זיינען פאקטיש
די איינציקע קורסן, וועלכע זיינען דער־
לויבט געווארן דורך דער מאכט.

דאס גאנצע יידישע לעבן איז קאנ־
צענטרירט ארום דער קהילה, וועלכע
האט די אויפזיכט אויף אלע יידישע
לעבנס־געביטן און איז פאראנטווארטלאך
פאר זיי. די ארבעט אין געטא, אויף
וויפיל זי איז דא, איז איננאנצן א
יידישע, אן א „פראגע פון פראצענטער.״

די סאציאלע הילף (יידישע סאציאלע
זעלבסט־הילף) איז פון יורידישן שטאנד־
פונקט אן אפטיילונג פון דער קהילה
און שטייט מיט איר אין אן־ענגער
פארבינדונג. די מיטלען ווערן קלענער
פון טאג צו טאג. די פארמעגליכע
האבן גארנישט געלערנט פון די דאזי־
קע ווילדע טעג, און זייער הילף איז אין
א גרויסער דיספראפארץ צו זייער מעג־
לאכקייט. קיכן ווערן כסדר געשלאסן,
און די, וואס זיינען אפן, ראנגלען זיך
מיט געוואלטיקע שוועריקייטן. די נויט־
באדערפטיקע ווארטן אויפן מיטאג מיט
אומגעדולד, פון נעכטיקן מיטאג אן, —
ווארום דאס איז דער איינציקער מאלצייט
פאר זייער עקזיסטענץ. דער „דזשאינט״
שטיצט די י. ס. ז., טוט, וואס זי קען,
אבער צוליב פאליטישע סיבות, ווערט
זיין טעטיקייט קלענער. שווער זיך
פארצושטעלן, וואס וועט זיין דער גורל
פון די נויטבאדערפטיקע אין פאל פון
שליסן די דאזיקע אנשטאלטן...

## די הילפס־טעטיקייט

דאס לעבן אין אלע זיינע שאטירונגען
קאנצענטרירט זיך אין דער הילפס־אר־
בעט, ווי קיכן, קינדער־קיכן, העלפן מיט
לעבנס־מיטלען, פארטיילן געלט א. א. וו.
די קיכן דינען, כידוע, אלס צוזאמענ־

טרעף · פונקט פאַר די מענטשן; די קינדער־קיכן, זיינען אַנשטאַט שולן. עס איז זייער קענטיק די טעטיקייט פון ראַבינאַט אויף דעם געביט. עס איז שווער צו רעדן וועגן אַ אידעאָלאָגישער אַרבעט אין אַזאַ שווערער צייט פון מענטשן, וואָס זיינען מטופל מיט משפחות און האָבן אויף זיך די לאַסט פון כל׳ערליי שוועריקייטן. אָבער אַדאַנק דעם שטויסן פון דער איניציאַטיוו פון . . . . . . . . האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן אויף דעם געביט. פון צייט צו צייט קומען פאַר רעפעראַטן. געווען אויך אַן אַקאַדעמיע, געווידמעט דעם יובל פון יהודה הלוי, און אַן אַקאַדעמיע פאַר מענדעלע׳ן. עס דאַרף דערמאָנט ווערן צום שבת . . . . . , וועלכע פירן קרייזן פון קולטור־אַרבעט. זיי האָבן געגרינדעט אַ סעמינאַר און אַרויסגעגעבן אַ צייטונג, און ס׳איז גערעדט געוואָרן וועגן פּראָקלאַמירן א שקל־אַקציע דאָס איז אָבער יעצט אין גדר פון וויכוח, און עס איז שווער צו וויסן, וואָס עס וועט זיין דער סוף.

אונזער באַוועגונג האָט פּאַקטיש ניט אָפּגעשטעלט איר אַרבעט אין קיין שום מצב אַפילו אויף אַ רגע. מען האָט זי געפילט צווישן אירע חברים און אין דער יידישער עפנטלעכקייט אין אַ צייט, ווען קיין שום געזעלשאַפטלעכע קערפּערשאַפט האָט נישט געוואַגט אַפילו צו טראַכטן וועגן וועלכער עס איז געזעלשאַפטלאַכער אָדער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. עס איז נאָך פּריצייטיק צו שרייבן וועגן אַלע געשעענישן אין דער באַוועגונג זינט דעם אויסברוך פון קריג ביז היינט" . . .

## לאַנדווירטשאַפטלאַכע אַרבעט

„יעדער ערד־איינגנטימער האָט דאָס רעכט צו פאָדערן פונם אַרבעטס־אַמט יידישע אַרבעטער און די קהלה דאַרף אויספילן די אינסטרוקציעס פון דער מאַכט... אין פיל פאַלן זיינען די באָדן־איינגנטימער דערשינען אַלס „רעטער"... און אַלס עקספּלואַטאַטערן. פיל באָדן־איינגנטימער האָבן געוואָלט איבערלאָזן די אַרבעטער אויך אויף ווינטער... מען וויל איצט מאַכן אַ גרויס ווערק. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן׳אידישע לאַנדווירטשאַפטליכע געזעלשאַפט „טאַפּאַראַל"... די לאַנדווירטשאַפטליכע סעזאָן־אַרבעט ראַטעוועט פון געטאָ, פון הונגער . . . געווען גרופּן, ווי ס׳איז מעגליך געווען צו פירן אַ ביסל קולטור־אַרבעט, און דער רו־מאַנ איז שטענדיק אויסגענוצט געוואָרן פאַר דעם.

דער בריוו ברענגט ווייטער פיל ידיעות וועגן די פאַרמס און אַרבעטס־קבוצות, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין פאַרשידענע געגנטן. ליידער קענען די ידיעות נישט פאַרעפנטלעכט ווערן.

# די אונטערערדישע ארבעט

## (פון א בריוו פון א חבר פון צ. ק. פועלי ציון (צ. ס.), וועלכן ס'איז געלונגען צו פארלאזן פוילן און קומען קיין ארץ־ישראל)

ענדלאך קען איך אייך שרייבן אומגעשטערט, אן מיסטיק און אן רמזים. איך זאג אייך, אז מיר האבן אלע ניט געוואוסט, וואס פארא טעיירע חברים מיר האבן, וויפיל באגייסטערונג און ארבעטסלוסט מען טרעפט ביי זיי, ווי זיי קענען פארגעסן אן די שרעקלאכסטע פערזענלאכע צרות און נאר וערענקען וועגן דער באוועגונג. מען האט אונז נישט צעשטערט. מיר זיינען ווייטער דא און מען ארבעט מיט נאך מערער קרבנות־גרייטקייט. די פארמען זיינען פארשידענע, דער אינהאלט — איבעראל דער זעלבער. צומארגנס נאך דער מלחמה זיינען מיר געווען די ערשטע אויף דער ארענע מיט א רייעכר, פול־באוואוסטער מאסע. אין צענטער און אין די שטעטלעך זיינען מיר די פאפולערסטע אין יידישן לעבן. מיר קומען מיט איניציאטיוו, מיר ראטעווען וואס עס לאזט זיך נאך, מיר ארגאניזירן, העלפן, היטן דאס אומגליקלאכע און פארלאזטע יידישע פאלק. אנדערע לאזן פון זיך ניט הערן, אין צענטער זיינען פאראן צענדליקער לאנדסמאנשאפטן, כמעט אלע ווערן אנגעפירט פון... אויף דער פראווינץ שטעיין אלע אלטע געטרייע חברים ביי דער ארבעט. אומעטום וויל מען וויסן, וואס עס הערט זיך אין דער באוועגונג . . . און ערשט צום סוף דערציילט מען וועגן די אייגענע יסורים אזוי זיינען אונזערע מענטשן און אזא וואונדערבארע באוועגונג האבן מיר געשאפן.

איך שטעל מיר פאר, אז אויף דער עמיגראציע שאפט זיך א שטימונג פון איינזאמקייט, אפגעריסנקייט, וויל איך אייך זאגן, אז איר זייט נישט פאראיינזאמט. איבעראל וועבט זיך ווי טער די גייסטיקע פארבינדונג מיט אייך און איר קענט זיין שטאלץ צו שטיין...

די לעצטע וואך פאר מיין ארויספארן איז פריילאך דערעפנט געווארן... וואס פארא פרייד! טרערן אין די אויגן ביי פיל . . . פון צענדליקער פונקטן זיינען געקומען צו עטלאכע מענטשן, די ערשטע מאסאוווקע אין צענטער. דער איינדרוק איז געווען א געוואלדיקער. בשעת די דריי רעדעס — אן אומבאשרייבלאכע שטילקייט, מען האט געהערט די הערצער קלאפן, מען האט געוואלט תיכף שרייבן... דערציילן, אז מען לעבט ווייטער און אז אויף די חורבות אנטשטייט א ניי לעבן.

. . . דער גאלדענער פאדים פון הכשרה האט זיך ווידער אנגעהויבן צו וועבן. וואס פארא אומבאשרייבלאכער יום־טוב! די ווידערגעבורט פון דער פארם האט זיך איבעראל אפגערופן אין א פרעכטיקן עכא. יונגווארג פון שטעט און שטעטלאך רייסט זיך צו א נייעם לעבן.

אין דער זעלבער צייט איז ארויס דער דריטער צירקוליאר פון „פרייהייט” . . . מען האט אויסגעהערט הארץ־דערקוויקענדע באריכטן פון א ברייט־פארצווייגטער טעטיקייט, וואס ווערט געמאכט פון אינסטרוקטארן. וויפיל אידעאליזם! וויפיל געטרייקייט, וואס האט נישט צו זיך קיין גלייכן! פאר מיין אפפאר איז פארגעקומען א קאארדינאציע צווישן . . . און ביי דער דערעפענונג פון . . . איז דער דאזיקער באשלוס אפיציעל פארעפנטלאכט געווארן.

אונזער רירעוודיקייט, אונזער הילפס־ארבעט איז אין אלע קרייזן געווארן אנערקענט, דאס לאזט זיך נישט באשרייבן, ביי א גליקלאכער געלעגנהייט וועל איך אייך פערזענלאך דערציילן. קיינער פון די איבערגעבליבענע חברים

איז נישט אוועק אויף עמיגראציע. אין קעגנטייל, עס זיינען צוגעקומען נייע חברים, אזוי אינטענסיוו איז גע־ווען דאס טעמפא. איר דארפט אינטענ־סיווער קארעספאנדירן מיט די איבער־געבליבענע חברים, אז זיי זאלן ווייטער אויסהאלטן דאס אויסגעצייכנטע ווערק, וואס האט געטראגן הילף און טרייסט פאר הונדערטער מענטשן און זייערע משפחות. לעצטנס האבן מיר אויך גע־שיקט הילף פאר דער פראווינץ, דער־מוטיקט זיי, געשטארקט זיי, באוויזן, אז מען פארגעסט נישט ביי אונז. דאס אלץ טאר נישט פאלן.

אייער . . .

## אויסצוגן פון א בריוו פון אפריל, 1941

מיר זיינען געווען די ערשטע, וואס האבן אנגעהויבן זארגן וועגן ארבעט צווישן דער יוגנט, תיכף נאך דער אקו־פאציע. פאקטיש האט זיך די ארבעט אנ־געהויבן אין דעם סניף ווארשע. די ער־שטע זאך איז געווען, צו געבן סאציא־לע הילף דער יוגנט. דער סאציאלער אפשטאם פון דער יוגנט איז מערסטנ־טייל — ארימעלייט. דער מצב פון זייע־רע משפחות אין די דאזיקע טעג איז שווער פארצושטעלן זיך. עס איז פשוט הונגער. עס ווייטיקט דאס הארץ צו זען דעם בלאסן יונגטלאכן מיט א פאר־חושכ'טן און איינגעפאלענעם פנים. מיר האבן איינגעארדנט א גרויסע צאל חברים אין די קיכן, געגעבן וועלכע ס'איז הילף אין פראדוקטן, אמאל אויך א קליינע געלט-הילף. אבער אין הקומץ משביע את הארי. די הונגער-פראגע און די נויט פון דער מערהייט חברים פון דעם סניף איז נישט געלייזט גע־ווארן אפילו צום טייל. פאראן א קא־מיסיע פאר סאציאלער הילף ביים סניף, וועלכע זוכט כל מיני מקורות צו העלפן די חברים. ס'ווערן געמאכט בא־מיאונגען צו קריגן ארבעט פאר די חברים. די סעזאן הכשרה וועט פיל לייכ־טער מאכן זייער גורל.

פיל ארבעט איז אריינגעלייגט גע־ווארן פאר דער שטודירנדער יוגנט. מיט דער הילף פון די חברים, וועלכע האבן זיך איבערגעגעבן דער דאזיקער ארבעט נאך פאר דעם קריג, איז אונז געלונגען צו שאפן א גוטע און טרייע גרופע חברים, וועלכע האבן געפונען נאך חברים פאר דער דאזיקער ארבעט. דאס פארבינדן די שטודירנדע יוגנט מיט די חברים פון סניף האט געגעבן גוטע רעזולטאטן און האט משפיע גע־ווען צום גוטן אויפן אויסזען פונם סניף. די ארבעט ווערט געפירט אין קליינע גרופן; פאראן שוין אייניקע צענדליק אזעלכע. די פראגע פון דער־ציער שטייט מיט דער גאנצער שארפ־קייט. עס איז געווען נויטיק תיכף אויפצושטעלן א גרופע פון שטענדיקע דערציער, וועלכע זאל אנגעפירט ווערן דורך צענטראלע חברים. אין משך פון דער צייט האבן מיר ארגאניזירט צוויי לאנד־סעמינארן (30 חברים פון אלע עקן פון לאנד אין יוני 1940 און דעם צווייטן אין ווינטער).

## די קולטור - און דערציאונגס־טעטיקייט

אין ווארשע איז אויפגעשטעלט גע־ווארן אויך א כאר פון סניף אונטער דער אנפירונג פון פראפ. . . . און א דראמאטישע סטודיע, אנגעפירט דורכן העברעאישן שריפטשטעלער . . ., וועל־כער איז שטענדיק צו אונזער רשות. עס איז אויך פארגעקומען אן עפנט־לאכער ארויסטריט אין א גרויסער קיך. די פארשטעלונג איז געקרוינט געווארן מיט פיל הצלחה. דאס האט צוגעגעבן ווערט אונזער טעטיקייט צווישן דער יוגנט. (פון דעם פראג־ראם: בילדער פון תנ"ך, פאלקס-לי־דער, דעקלאמאציע, יוגנט-כאר, קינדער־כאר; דער פראגראם איז געווען צום טייל אין העברעאיש און טייל אין יידיש).

דער פאפולערסטער און אויטארי־

טעטסטער קעמערל פון דער קהילה, זיינען די הויף־קאמיטעטן. יעדער הויף האט אזא קאמיטעט. די אונטערשריפט פונם קאמיטעט - פארזיצער האט א קראפט לגבי דער קהילה „דזשאינט" א. אז. וו. אין יעדן הויז איז פאראן א קינדער-ווינקל. דאס איז אן ערזאץ פאר שולן, ווארום עד היום זיינען פאר יידישע קינדער נישט דערלויבט גע־ווארן קיין שולן, כלומרשט צוליב דער כבנה פון טיפוס. אלע יוגנט-ארגאני־זאציעס ארבעטן דא, און מיר פארנע־מען א קענטיקן פלאץ אינם אנפירן מיט די קינדער-ווינקלען. מיר האבן ארגאניזירט א ספעציעלן קאמיטעט פאר יוגנט, עטלאכע מאל אין דער וואך זאמלט זיך צונויף די יוגנט פון הויף, וועלכע איז א פארשידנארטיקע. פאראן א קאמיסיע, וואס פארנעמט זיך מיט דער טעטיקייט פון . . .

מיר האבן גענומען אויף זיך די אויפגאבע צו לערנען העברעאיש און יידיש אין די עקזיסטירנדיקע קינדער־אנשטאלטן. אונזערע חברים לערנען ביז איצט אין פיל פלעצער, און די צאל וונערדונגען צו אונז פון פארשי־דענע אנשטאלטן איז זייער א גרויסע. אין דער קיך פון . . . האבן מיר אויפגעשטעלט א קיך פאר קינדער. די קינדער באקומען דארט אן אומזיסט מאלצייט, זאמלען זיך יעדן טאג און מען באשעפטיקט זיך מיט זיי אייני־קע שעה. מען האט אויך ארגאניזירט א כאר פון די קינדער אונטער דער אנפירונג פון . . . אין דעם אויבנ־דערמאנטן ארויסטריט האט זיך דער ראזיקער כאר באטייליקט און געהאט דערפאלג.

געוועז פרובן צו ארגאניזירן אן אומלעגאלע העברעאישע גימנאזיע אין געטא.

דעם לעצטן זומער האבן מיר מיט־געטיילט וועגן דעם ארגאניזירן שולן. עס איז געווען א וויכוח וועגן כאראק־טער פון די קינפטיקע שולן. אינם לעצטן מאמענט האט זיך די מאכט צו־ריקגעצויגן פון איר פארשלאג, צוליב פארשידענע טעמים. די עיקר'דיקע סיבה איז געווען דאס אויפשטעלן די געטא.

די יידישע קינדער לערנען דעריבער (ווער עס האט אויף דעם מיטלען) אין פריוואטע קורסן, צו פיר, פינף תלמידים אין א גרופע. יעדעס מאל איז אן אנדער ארט אויף אן אומלע־גאלן אופן. אזוי גייט מען דורך דעם פראגראם פון א שולע און פון א גימ־נאזיע. מיר האבן גענומען ארגאניזירן גימנאזיע־תלמידים אויף אונזערע קור־סן. עס איז ארגאניזירט געווארן א גרופע לערער, בעיקר פון די גימנא־זיעס אין לאדזש. דער ארגאניזאטאר איז א חבר פון . . . , וועלכער איז איבערגעגעבן דער ארבעט בלב ובנפש. די יוגנט איז ארגאניזירט אין איר רוב אין די קבוצות פון דער שטורי־רנדער יוגנט פונם סניף און פארבינדט זיך מיט . . . די דאזיקע ארבעט האט געפונען אנערקענונג ביי אלע יידישע אנשטאלטן, ווי אויך ביים „דזשאינט". מען באקומט עפעס א געלט-שטיצע און פראדוקטן. דאס דעקט די אנגע־זאמלטע דעפיציטן. ווארום נישט אלע תלמידים זיינען פארמעגלאכע. דער ציל פון דער ארבעט איז: דערציען די יוגנט, פארווארצלען זי אין אונזע־רע קנינים. עס זיינען געמאכט גע־ווארן התחלות צום ארגאניזירן עפעס א פאלקס־שול, אזוי ווי מען דערווארט דאך צו באקומען א דערלויבעניש פאר שולן אין געטא.

אין דער לעצטער צייט איז גערעדט געווארן וועגן ארויסגעבן אן אומלע־גאלע ליטערארישע מאנאטשריפט. לי־טערארישע כוחות זיינען פאראן אין ווארשע לרוב. עס איז נויטיק א חלוצי־שער כוח, וועלכער זאל פארווירקלאכן דעם געדאנק. מיר זיינען געווען א מאטעריעלער און גייסטיקער אנשפאר פאר די קינסטלערישע כוחות, וועלכע זיינען אין די דאזיקע ווילדע צייטן פארשטויסן געווארן אין א פארוואר־פענעם ווינקל.

## אין דער פראווינץ

אויך אין די גרויסע פראווינץ-שטעט ארבעט מען. עס זיינען ארגאניזירט

געוואָרן ראַיאָנען אין פיל גרויסע
שטעט. דאָרטן זיצן . . ., וועלכע פאַר־
נעמען זיך שטענדיק מיט דער אַרבעט
אין שטאָט און אין ראַיאָן. פון צייט
צו צייט דערשיינט די צייטונג „ד"...
פון . . . מען ניט אויך אַרויס סאָ־
טעריאַל פאַר פּראָגראַמען פון קולטור־
אַרבעט, אַ זאַמלונג פון מאַטעריאַלן
איבער פאַרשידענע פראַגן, כדי צו
פאַרטרעטן די ביכער, וועלכע מען קען
נישט קריגן עס איז אויך אַרויסגע־
געבן געוואָרן אַ העפט, וואָס איז צו־
געפּאַסט צום איצטיקן יידישן לעבן,
אונטערן נאָמען „פּיין און גבורה אין
דער ליכט פון דער יידישער געשיכ־
טע„ ט"ו שבט איז פּראָקלאַמירט גע־
וואָרן דורכן . . . די אַקציע פאַרן נ.־פ.
צו דעם צוועק איז פאַרגעקומען אַ
מסיבה, צו וועלכער עס זיינען איינגע־
לאַדן געוואָרן אויך די אַקטיווע טוער
פון אַלע . . . ריכטונגען. מיט אַ צווי־
בער־לאָמפּ זיינען באַוויזן געוואָרן ביל־
דער פון ארץ־ישראל. די דאָזיקע אַר־
בעט האָט אַ דערציאונגס־און סימבאָלי־
שן ווערט פאַר דער יוגנט. פאַרן גע־
זאַמלטן געלט וועט מען קויפן . . . אַ
טיפער גלויבן איז אין אונזער אַלע־
מענס הארץ, אַז סוף־כל־סוף וועט קומען
דער טאָג און מיר וועלן דערגרייכן
אונזער ציל, און די דאָזיקע תרומה
איז אַ ציינגניש, אַז אין די דאָזיקע
פינצטערע טעג האָבן מיר נישט אויף
אַ רגע פאַרגעסן וועגן נ.־פ. דאָס
שטאַרקט אונז אין די שווערסטע טעג.
. . . צענטראַליזירט די אַרבעט אין
דער יוגנט און האָט אַ פולשטענדיקן...
וואָס באַשעפטיקן זיך יעדער איינער
מיט זיין אַרבעט אונטער . . . אָנפי־
רונג. איך האָב באַקומען ידיעות, אַז
ער האָט באַזוכט אַלע פונקטן מיט . . .,
וועלכע איז די פאַרבינדונגס־חברה.
שטעלט זיך פאַר די שמחה פון דער
יוגנט. מען דאַרף אויף דעם האָבן
אין דער דאָזיקער צייט פיל דרייסט־
קייט. אַלע טעטיקייטן נויטיקן זיך,
חוץ אין פיל גייסטיקע אָנשטרענגונ־
גען, אויך אין גרויסע פינאַנציעלע
מיטלען. די לעבנס־מיטלען זיינען טייער
און עס איז שווער אויסצוקומען מיט
דער אַרבעט, אַפילו ווען זי וואָלט
געווען אין שפע. די אַרבעט צווישן
דער יוגנט, פאַר עליה — דאָס אַלץ
נויטיקט זיך אין אומגעהויערע געלט־
מיטלען. מיר קלאַפּן כסדר אין די טירן
פון די אָנשטאַלטן, אָבער אַן רעזול־
טאַטן. עס דאַרף זיין קלאָר, אַז אַן
הילף פון די קרובים וועט זיין שווער
אָנצוהאַלטן די פּאָזיציע . . .

מיט בענקשאַפט

אייער . . .

## אויסצוגן פון אַ בריוו פון וואַרשע, פון 5־טן מאַי, 1941

ליבער פריינט,

איך האָב זיך זייער דערפרייט, לייע־
נענדיק אייער בריוו נאָך פיל שווערי־
קייטן איז אייך פונדעסטוועגן געלונ־
גען גליקלעך אָנצוקומען צו אייערע
קרובים (געמיינט פּאַרטיי ־ חברים אין
אַמעריקע).

זייט עס האָט זיך איבערגעריסן אונ־
זער קאָרעספּאָנדענץ (דאָס מיינט, זייט
סעפּטעמבער 1939, ווען די פּוילישע
חברים זיינען אַפּגעפאָרן פון ווילנע
קיין יאַפּאַן), האָט זיך ווייניק־וואָס
געענדערט. איך אַרבעט, אמת, אָן הפסקה,
אָבער די פאַרדינסטן זיינען זייער קליי־
נע און איך בין נישט אומשטאַנד
אויסצוהאַלטן די משפחה ־ באַוועגונג
און אירע נויטן, וואָס ווערן פון טאָג
צו טאָג גרעסער. נאָך גרויסע שוועריי־
קייטן איז מיר אָבער געלונגען צו באַ־
קומען אויף פסח פאַר איר אַביסל פּעק־
לעך, באַזונדערס מצה, וואָס עס האָט
געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג. איך
האָב אויסגעגעבן פאַר איר אָבער אַזוי־
פיל, אַז נאָך יום־טוב בין איך געבלי־
בן איינגאַנצן אָן אַ גראָשן.

ב... ב... פירט ווייטער זיין געשעפט,
אָבער מיט גרויסע שוועריקייטן.

איך באַקום איצט בריוו פון ש., ז.,

פּ. און י. (אנפירנדע חברים אין פיר גרויסע שטעט אין פוילן), און אויף וויפיל ס'איז מענלאך, באַמי איך זיך זיי צו העלפן. איך האָב זיך אויך נעזען מיט זיי אייניקע מאָל.

. . . אַרבעט אויף דער פאָרם און... (ביידע אַקטיווע טוערינס פון דער באַוועגונג) אַרבעט אין וואַרשע... איך האָט אונז צונעזאָגט אין אַ בריוו צו העלפן. מיר האָבן אָבער נישט קיין שום ידיעות. איך בעט אייך דרייבער צו פאַראינטערעסירן זיך מיט דער זאַך און צושיקן אונז די הילף.

גריסט די חברים. איך דערוואַרט אייער תשובה.

אייער . . .

## אויסצוגן פון א בריוו פון וואַרשע, פון 25־סטן אויגוסט, 1941

טייערער . . .

. . . ביי אונז איז ווי נעווען. עס באַזוכט אונז אָפט מחלה׳ ווי אויך רעב. זיי גיבן אונז פשוט נישט קיין רו. זיי מאַטערן אונז . . . פאַר די משפחות פון ב..״ ב... אַון פון.-. טוען מיר אַלץ, כדי ס'זאָל ווערן לייכטער. מיר טוען פאַר זיי איבער די כוחות, מיט באמת איבערגעגעבנקייט און מסירת ־ נפש . . .

אברהם ל-ער גיט הילף. זי איז אָבער זייער קליין. פון איר האָבן אויך נעוואָסן די ארג. פון... און פון...

כ'באַקום אָפּט בריוו פון... (אויסגערעכנט די נעמען פון אַנפירנדע חברים אויף דער פראווינץ). וו. און נ. האָבן פאַרלאָזן קראָקע (וואַרשיינלאך צוליב'ן באַזייטיקן פון דאָרטן אַ טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג).

פון די אַלטע אונזערע פריינט . . . (עס האַנדלט זיך וועגן חברים אין מזרח-פוילן, וואָס איז נעווען אונטער דער רוסישער אקופּאַציע און איז יעצט אין די נאַצי־הענט) האָבן מיר נישט קיין ידיעות. אָבער ווי אַנדערע אינפאָרמירן אונז, איז דאָרטן שלעכט...

אייער . . .

# כבוד די געפאלענע

## לייב האָלענדערסקי

### אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דייטשלאַנד

איינער פון די בעסטע צווישן אונז, איז אונז צוגערויבט געוואָרן אין נאַציש קאָנצענטראַציע לאַגער. צענדליקער יאָרן איז ער געשטאַנען אין די ערשטע פּאָזיציעס פון די לינקע פּועלי־ציון אין פּוילן, געליבט דורך חברים און פריינט, באַהאַנדלט מיט דרך־ארץ אפילו דורך זיינע פּאַרטייאישע קעגנער און דורך די פאַרביסענע, אַנטיסעמיטן אין לאָדזשער שטאָטראַט, וואו ער איז געזעסן לאַנגע יאָרן. ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן דאָס יידישע לאָדזש, און בפרט דאָס יידישע אַרבעטער־לאָדזש, אָן לייב האָלענדערסקי. אַלץ, וואָס איז קאָנסטרוקטיוו געשאַפן געוואָרן פאַרן יידישן אַרבעטער אין לאָדזש: אַרבעטער־הייזער, אַרבעטער ־ קאָאָפּעראַטיוון, פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען א. אז. וו. — איז אַנטשטאַנען אונטער זיין פירונג, אָדער לכל־הפּחות מיט זיין הילף. האָלענדערסקי איז אויך געווען אַ וואונדערבאַר־גוטער מענטש. אויב ס'איז אמת, —און אוודאי דאַרף עס זיין אמת, — אַז נאָר אַ גוטער מענטש קען זיין אַ גוטער סאָציאַליסט, דאַן איז האָלענדערסקי געווען איינע פון די שענסטע פאַרקערפּערונגען פון דאָזיקן כלל. ער האָט, דאַכט זיך, קיינעם קיין עוולה אין זיין לעבן ניט געטאָן.

דער ציוניסטישער סאָציאַליזם וועט האָלענדערסקין קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אין דער באַפרייטער אַרבעטער־לאָדזש און אין די אַרבעטער־ישובים אין ארץ־ישראל, וועגן וועלכע ער האָט געטרוימט, וועלן מיר פאַראייביקן זיין אנדענק.

# זאב ווינער

## אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דייטשלאַנד

אין דער צייט פון דער פאַריקער וועלט־מלחמה, אין די שווערע הונגער־יאָרן 1915־16, ווען טויזנטער יידן זיינען אַרומ־געגאַנגען הונגעריק און אָן אַרבעט, האָבן אַ גרופּע פון „צעירי־ציון"־חברים געגרינדעט אין לאָדזש דעם, אַזוי דערנאָך באַקאַנטן, „בית־עם", וואו יונג און אַלט האָבן געפונען אַ וואַרימען היימישן אָרט צו פאַר־ברענגען טעג און אָוונטן, וואו מען האָט געקאָנט קריגן אַ שטיקל ברויט און אַ וואַרימען זופּ. ביסלעכווייז האָט זיך דער „בית־עם", אַ דאַנק אייניקע חברים, פאַרוואַנדלט אין דעם ציוניסטישן קולטור־צענטער פון לאָדזש. איינער פון די וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן זייער גאַנצע צייט און ענערגיע פאַר דער אינסטיטוציע, איז געווען דער יונגער ז א ב ו ו י נ ע ר . אַ דאַנק דעם ח' ווינער איז געשאַפן געוואָרן די, אַזוי נאָכ־דעם באַקאַנטע אין לאָדזש, ביבליאָטעק פון „בית־עם".

ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט, איז ח' ווינער געווען דער, וועל־כער האָט אַריינגעבראַכט דעם העברעאישן און יידישן בוך אין די הייזער פון די לאָדזשער יידן. ער האָט גלייכצייטיק, אַלס סעקרעטאַר פון „התאחדות", אָפּגעגעבן זיין גאַנצע צייט און ענערגיע פאַר פאַרשפּרייטן העברעאיש, מיטאַרבעטנדיק אין קק"ל, החלוץ, תרבות.

די לעצטע יאָרן פאַרן יעצטיקן קריג, ווען די עקאָנאָמישע לאַגע פון די לאָדזשער יידן איז שלעכט געוואָרן און עס איז ווידער אַנטשטאַנען אַ גרויסע אָרימע מאַסע אין לאָדזש, איז ח' ווינער געווען דער, וועלכער האָט באַנייט דעם „בית־עם", וואו אָרימע יידישע קינדער האָבן פאַר־בראַכט זייערע נאָכמיטיקן אין ליכטיקע ציכטיקע צימערן, וואו מען האָט מיט זיי געלערנט העברעאיש, יידישע געשיכטע, העברעאישע לידער און דערצויגן זיי, אַלס צוקונפטיקע חלוצים.

זיין גאַנצן לעבן געשטרעבט צו פאַרבעסערן, פאַרשענערן דעם יידישן לעבן, איז ח' זאב ווינער פאַרפייניקט געוואָרן ערגיץ־וואו אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער דורך תלינים און מערדער, פון יענע, וועלכע ווילן אומברענגען אַלץ, וואָס איז יידיש. ביי אַלע, וועלכע האָבן דעם חבר זאב ווינער געקענט, וועט זיין אָנדענקען בלייבן הייליק. מ. ד. ר.

# ח׳ אַרצי

## (אַריה ציבולאַ)

ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל אין ווייסרוסלאַנד איז צו מיר אָנגעקומען די ידיעה, אַז ח׳ אַרצי לעבט ניט מער. באַקאַנטע, וואָס זיינען צוזאַמען מיט אים אַנטלאָפן פון לאָדזש, האָבן מיר דערציילט, ווי זיי זיינען געלאָפן בײַנאַכט איבער אַ דאָרפישן וועג און איבער זייערע קעפּ זיינען אַרומגעפלויגן נאַציִשע מלאכי־המות, נידעריק געפלויגן און געשאָסן פון מאַשין־געווער צום אַנטלויפנדיקן „שונא". איינע פון די קוילן האָט געטראָפן אַרצי׳ן. ער איז געפאַלן מיט אַ ליכטן קרעכץ, מ׳האָט אים געוואָלט אויפהייבן און טראָגן ווייטער, אָבער ער איז שוין געווען טויט.

איינער פון די פיל טויזנטער, וואָס זיינען געפאַלן אויף דעם אופן. ערגעץ אין אַ ברודער־קבר ליגט זיין טויטער קערפּער, און ווען מיר וועלן זיך אומקערן קיין פּוילן, וועלן מיר אפילו ניט וויסן, וואו ס׳געפינען זיך זיינע ביינער...

אַ לעבן, אינגאַנצן געווידמעט דער באַוועגונג, אַ לעבן אַ שווערס, פול מיט מאַטערנישן, מיט צרות, מיט פּאַרטייאישע און פּערזענלאַכע צרות. פון דער צייט, ווען ער איז אַוועק פון דער ישיבה און געקומען צו אונז, איז אין זיין לעבן מער ניט געווען, ווי לעבן פאַר דער פּאַרטיי.

ח׳ אַרצי איז געווען דער טיפּ פון אַ פּאַרטיי־זעלנער. שטענדיק גרייט אויפן באַפעל פון דער פּאַרטיי און שטענדיק אויסגעפירט דעם באַפעל, ווי נאָר ער האָט עס געקאָנט, ד. ה. מיט איבערגעגעבנקייט, דערפאַרונג, אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, און דער עיקר, מיט זיין טעמפּעראַמענט און אינטעליגענץ. אַ באַליבטער פּאַרטיי־רעדנער, שטענדיק שאַרפזיניק, פּאַטעטיש, מיטרייסנדיק זיינע צוהערער, האָט ח׳ אַרצי געהערט צו די זעלטענע פּאַרטיי־טוער, וואָס פאַראייניקן רעדנער־קונסט מיט גרויסע אָרגאַניזאַציע־פעאיקייטן.

יאָרנלאַנג איז ח׳ אַרצי אַרומגעפאָרן איבער דער פּוילישער פּראָווינץ, אין פויערישע וועגעלאַך איבער די פאַרשנייטע וועגן פון פּאָלעסיע און וואָלין, פון שטעטל צו שטעטל, וועקנדיק די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס צום לעבן, אַריינגיסנדיק אין זיי אַ נייעם רוח־החיים.

מיינע פערזענלאכע דערינערונגען וועגן ח׳ ארצי זיינען דער עיקר פארבונדן מיט דער צייט, ווען ער איז געווען סעקרעטאר פון דער לאָדזשער פארטיי־אָרגאניזאציע אין לאָדזשער פראָפעסיאָנעלן ראט. מיר האָבן דאמאָלס געהאט א שווערן קאמף צו פירן, א קאמף פאר דער נשמה פון יידישן ארבעטער. מיר האָבן דעם קאמף אין א גרויסער מאָס גע־וואונען און מיר האָבן אַלע געמוזט מודה זיין, אז דעם גרעסטן פארדינסט אין אונזער דערפאָלג האָט דווקא ער, א נייער מענטש אין דער שטאָט, וואָס האָט באוויזן אין א קורצער צייט באקאנט און באליבט צו ווערן אין די ברייטסטע קרייזן פון דער לאָדזשער יידישער ארבעטערשאפט.

איצט הייסט לאָדזש — ליצמאנשטאט, די יידישע מאסן שטייען דאָרט אויס די שרעקלאכסטע ליידן, וועלכע מענטשן האָבן ווען־עס־איז געראט אויסצושטיין, און ח׳ ארצי וועט זיך שוין צו זיי ניט צוריקקערן, ווען די פרייהייטס־זון וועט ווידער אויפשיינען.

וואָס קאָנען מיר, פארוואָגלטע אין דער ווייטער אמעריקע, מער טון פאר דיין ליכטיקן אנדענק, ארצי, ווי ווידמען די פאָר ווערטער אין אונ־זער אויסגאבע! און זאָלן די דאָזיקע ווערטער פון א חבר, וואָס קאָן דיך ניט פארגעסן, זיין א באשיידענע מצבה אויף דיין קבר, וואָס קיי־נער ווייסט אפילו ניט, וואו ער געפינט זיך.

מ. קאָך.

## פישל ברוין

### אומגעקומען פון נאַצי־באָמבעס, אויפן וועג פון לאָדזש קיין וואַרשע

א שטילער און איבערגעגעבענער פארטיי־חבר איז אוועק פון אונז אין די ערשטע, טראגישע מלחמה־טעג. אין דער יידישער פראָפעסיאָנע־לער ארבעטער־באוועגונג פון לאָדזש איז זיין נאָמען געווען גוט באקאנט. תמיד האָט ער געארבעט מיט דער זעלבער איבערגעגעבנקייט, צי ווען עס האָט זיך געהאנדלט וועגן די פראַזאאיש־שווערע אויפגאבן פון דער טאָג־טעגלאכער פראָפעסיאָנעלער אָרגאניזירונג, צי וועגן וויכטיקע פאר־טייאישע דינסטן אין לאדזשער געזעלשאפטלעכן לעבן, וואס איז געווען א סך שטורמישער און קאָמפליצירטער, איידער דאס לעבן אין פיל אנדערע גרויסע שטעט אין פוילן.

אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער מיטגעאַרבעט אין יידישן ווירטשאַפטלעכן קאָמיטעט אין לאָדזש, דערפילנדיק אויך אויף דער דאָזיקער וויכטיקער פּאָזיציע חבר'יש און איבערגעגעבן זיינע אויפגאַבן.
זיין אָנדענק וועט בלייבן לעבעדיק צווישן אונז!

## ח' יעקב זשאַגעל

### דער'הרג'עט געוואָרן, בעת דער פּאַרטיידיקונג פון וואַרשע

ח' זשאַגעל איז געווען איינער פון די ערשטע מיטגלידער פונם „העובד" שטאַמענדיק פון אַן אַסימילירטער יידישער משפּחה פון וואַרשע, האָט זיך ח' זשאַגעל אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען אין דער אַרבעט פון דער דאָזיקער חלוצישער אָרגאַניזאַציע פון עלטערע אַרבעטער און איז געווען סעקרעטאַר פון וואַרשעווער „העובד", אויסצייכענענדיק זיך ביי אַלע אַקציעס, וואָס „העובד" האָט געפירט פאַר קרן־קימת, שקלים־פאַרשפּרייטונג, פּאָליטישע אַרבעט פון דער פּועלי־ציון (צ. ס.) פּאַרטיי, וואו ער איז געווען אַ מיטגליד.

זייענדיק רעזערוו־קאַפּראַל, איז ח' זשאַגעל מאָביליזירט געוואָרן בעת'ן אויסברוך פון קריג. ער איז צוגעטיילט געוואָרן צו אַ מיליטערישער אָפּטיילונג, וואָס איז געשיקט געוואָרן אין איינעם פון די געפערלאַכסטע פּונקטן פון וואַרשע, אין דער פּאָרשטאָט וואָליע, וואוהין די דייטשן האָבן זיך אַמשטאַרקסטן דערנענטערט. ח' זשאַגעל מיט זיין אָפּטיילונג האָט זיך אויסגעצייכנט ביים פּאַרטיידיקן וואָליע, וועלכע איז כסדר אַטאַקירט געוואָרן דורך די נאַצישע חילות, וואָס האָבן זיך געוואָלט דורכרייסן צום צענטער פון וואַרשע.

געפינענדיק זיך אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס, איז ח' זשאַגעל שווער פאַרוואונדעט געוואָרן פון אַ נאַצי־קויל און איז אַריבערגעפירט געוואָרן אין מיליטערישן שפּיטאָל אויף זאַקראָטשימסקע גאַס, וואו ער איז אין אייניקע טעג אַרום געשטאָרבן.

כבוד דעם מוטיקן קעמפער און פאַרטיידיקער פון וואַרשע!

בן־זאב

## משה ראָטקאָפּ

### דער'הרג'עט געוואָרן דורך אַ באָמבע אין וואַרשע

אַקטיווער חבר פון „העובד" אין וואַרשע זינט זיין עצם גרינדונג,

איז ח׳ ראָטקאָפּ געווען זייער באַקאַנט צווישן די וואַרשעווער יידישע אַר־בעטער און האַנטווערקער, אַלס זון פונם פּאָפּולערן אין וואַרשע יידישן מעכאַניקער, הערשל מעכאַניק, פון באַגנע גאַס.

ח׳ ראָטקאָפּ האָט פאַרמאָגט פיל ענערגיע, וועלכער האָט געפונען אַן אויסדרוק אין זיין דערפאָלגרייכער אַרבעט פאַרן „העובד" און פאַר דער פּועלי־צ־פּאַרטיי, וואו ער איז געווען אַ לאַנג־יאָריקער מיטגליד. ער איז געווען פּאָרזיצער פון דער קרן־קימת־קאָמיסיע ביים „העובד", וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר אַרבעט פאַרן יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד.

ח׳ ראָטקאָפּ איז געפאַלן פון אַ באָמבע, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן פון אַ נאַצישן אַעראָפּלאַן, בעת דער באַלאַגערונג פון וואַרשע. געשען איז עס, ווען ח׳ ראָטקאָפּ האָט זיך געלאָזט ראַטעווען די דאָקומענטן און דעם אַרכיוו פון דעם ברענענדן הויז אויף קרולעווסקא 18, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער ארץ־ישראל־אמט און דער קרן־היסוד.

ב. ז.

# נ אָ כ ט א ד ר אָ ל ף

## געפאַלן סעפּטעמבער 1939 בעת דער פאַרטיידיקונג פון לעמבערג

נאָכט איז געווען אַ מיטגליד פון דער לעמבערגער אָרגאַניזאַציע פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיי התאחדות־פּועלי־ציון אין מזרח - גאַליציע. מיט גרויס ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט האָט ער געווידמעט זיין פרייע צייט דער אָרטיקער פּאַרטיי־אַרבעט. יעדן טאָג, נאָך דער אַרבעט, האָט מען אים געקאָנט טרעפן ביי זיין אַרבעט אין דער פּאַרטיי־ביבליאָטעק.

ח׳ אַדאָלף נאָכט איז באַלד אין אָנהייב פון פּויליש־דייטשן קריג מאָביליזירט געוואָרן און איז צוגעטיילט געוואָרן צום לעמבערגער גאַר־ניזאָן. די גאַנצע צייט, ווען לעמבערג איז געווען באַלאַגערט דורך די נאַצים, האָט ער אָנגעפירט מיט אַ מיליטערישן פאַרטיידיקונגס־פּאָסטן. דעם לעצטן טאָג פון דער באַלאַגערונג, ווען עס איז שוין געווען כמעט זיכער, אַז די סאָוועטן נעמען איבער די שטאָט, האָבן נאָך נאַצישע אַעראָפּלאַנען באָמבאַרדירט די שטאָט און גורם געווען פיל שאָדנס און קרבנות. ח׳ נאָכט איז געפאַלן אַלס קרבן פון דער דאָזיקער באָמבאַרדירונג.

כבוד דעם אָנדענקען פון אַן איבערגעגעבענעם חבר און בירגער!

# יעקב פּאָזנאַנסקי

## דערשאָסן דורך די היטלערישע תּליינים

ערב ראש־השנה איז געוואָרן צוויי יאָר, זינט ה׳ פּאָזנאַנסקי איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע בעסטיעס. א טאָג פאַר דעם האָבן די נאַצישע חילות פאַרנומען ראַווא מאַזאָוויעצקא, וואָס ליגט צווישן לאָדזש און וואַרשע. ה׳ פּאָזנאַנסקי איז לאַנגע יאָרן געווען ראַט־מאַן פונם שטאָט־ראַט און פון דער קהילה אין ראַווא.

די נאַצישע בעסטיעס האָבן, אַריינקומענדיק אין שטעטל, זיך גע־לאָזט זוכן די פירער פון דער יידישער באַפעלקערונג. באַלד זיינען אַרעס־טירט געוואָרן אַלע פּרנסים און „דאָזאָרעס״ פון דער קהילה, דערונטער אויך ה׳ פּאָזנאַנסקי און זיין שוואָגער אברהם לעווקאָוויטש, א חבר פון דער ליגע פון אַרבעטנדן ארץ, פאָרזיצער פון די ציוניסטן, גרופּע א׳ און מורשה פון קרן־קימת. די נאַצים האָבן די עלטערע „דאָזאָרעס״ (מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג פון דער קהילה) באַפרייט. די יינגע־רע, צווישן זיי אויך ה׳ פּאָזנאַנסקי, זיינען דערשאָסן געוואָרן אין מיטן שטאָט, פאַר די אויגן פון זייערע פרויען און קינדער. עס איז אויך דערשאָסן געוואָרן ה׳ פּאָזנאַנסקיס שוואָגער, לעווקאָוויטש.

דעם ה׳ פּאָזנאַנסקי געדענק איך פופצן יאָר, אַלס איינעם פון די אַקטיווסטע טוער פון אונזער באַוועגונג אין פוילן. ער איז געווען טעטיק נישט נאָר אין ראַווא, נאָר בכלל אין דער אַרומיקער פּראָווינץ. א זון פון אַן אַלטן חובב־ציון, נחמן פּאָזנאַנסקי, האָט ה׳ יעקב באַקומען א ציוניס־טישע דערציאונג און האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אָן דער פּועלי־ציון־באַוועגונג, זייענדיק דער פירער און וואָרטזאָגער פון אונזער אָרגאַניזא־ציע אין זיין שטעטל. אין משך פון 12 יאָר איז ה׳ פּאָזנאַנסקי געווען א פּועלי־ציון ־ ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט און אין דער קהילה, פאַרטיי־דיקנדיק מיט מוט און ענערגיע די אינטערעסן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן אין ראַווא. אין 1930 איז ה׳ פּאָזנאַנסקי, נאָך א שאַרפער רעדע אין שטאָט־ראַט, באַפאַלן און אָנגעגריפן געוואָרן פון די ענדעקישע ראַט־מענער. ער איז דאָן געשיצט געוואָרן דורך די פּוילישע סאָציאַליסטישע ראַטמענער, וועלכע האָבן אַדורכגעפירט אין שטאָט־ראַט דעם באַשלוס וועגן אויסשליסן די ענדעקישע כוליגאַנישע ראַטמענער פון שטאָט־ראַט.

דער סטאראָסטע האָט אָבער דעם באַשלוס נישט באַשטעטיקט.

דער טויט פון ח' פּאָזנאַנסקי האָט באַדעקט מיט טרויער דאָס גאַנ־צע שטעטל און איז באַוויינט געוואָרן אויך אין ארץ־ישראל דורך די פּיל חברים פון ראַוואַ און אומגעגנט, וועלכע געדענקען גוט דעם ח' פּאָזנאַנ־סקי, וואָס האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט דער גרעסטער טריי־הייט און איבערגעגעבנקייט צו די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אידעאַלן.

ערע זיין אָנדענק!

נ. ריש.

## ח' בערל קריוואָנאָגי

לאַנג־יאָריקער מיטגליד פון דער וואַרשעווער „פרייהייט" און שפּע־טער פון דער פּאַרטיי. געבוירן אין טשעכאַנאָוויעץ אין 1907, ביי אָרי־מע עלטערן, האָט ח' קריוואָנאָגי דורכגעמאַכט אַ שווערע יוגנט און האָט פון די יונגסטע יאָרן אָן געמוזט אַרבעטן פאַר זיין אויסהאַלט. זייענדיק פון פאַך אַ שניידער, איז ח' קריוואָנאָגי געקומען קיין וואַרשע, וואו ער האָט געאַרבעט אין זיין פאַך, ווידמענדיק זיין פרייע צייט דער אַרבעט אין דער וואַרשעווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע און „פרייהייט". דאָס אָרימע יידישע אַרבעטער־לעבן אין טשעכאַנאָוויעץ איז אויך גוט געשילדערט געוואָרן דורך זיין אָנקל, דעם באַקאַנטן שריפטשטעלער יצחק בלום, וועלכער האָט אין 1939 אַרויסגעלאָזן אין אַמעריקע אַ בוך: „אַ שטעטעלע אין פּוילן", וואו ער שילדערט אין בולט'ע פאַרבן אויך דאָס הויז פון דער גאַנצער משפחה קריוואָנאָגי אין טשעכאַנאָוויעץ.

ח' בערל האָט נאָכן אויסברוך פון קריג זיך געלאָזן — פּונקט ווי טויזנטער אַנדערע פון וואַרשע — אויפן וועג קיין מזרח, שטרעבנדיק צו דערגרייכן טשעכאַנאָוויעץ, וואו ער האָט אַן אַלטע מוטער. אָנקומענדיק קיין סטערדין, איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די נאַצים, וועלכע האָבן אַלע מענער פונם שטעטל אַוועקגעטריבן אויף צוואַנגס־אַרבעט. ביי דער אַרבעט האָבן, ווי געוויינטלאַך, נישט געפעלט קיין קלעפּ פון די נאַצישע חיות. ח' קריוואָנאָגי איז פון די נאַצישע קלעפּ און בכלל פון דער שרעקלאַכער באַהאַנדלונג, קראַנק געוואָרן. ווען ער איז שוין ענדלאַך אָנ־געקומען צו דער מוטער אין טשעכאַנאָוויעץ, איז ער נאָך איינינקע וואָכן

ליגן קראנק צו בעט, געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אַ פרוי, די חברה הוה קאפלאן, און אַ קינד.

דער אנדענק פון ח' בערל וועט בלייבן ביי אַלע חברים פון דער פארטיי און יוגנט, וואָס האָבן אים געקאָנט.

ה. ענריש.

## דוד לעשניעווער

איז נעפאלן, אויספירנדיק אַן אויפגאַבע פון דער חלוצישער באַוועגונג. אַ טרייער חבר פון דער חלוצישער מחנה, איז דוד לעשניעווער געווען טעטיק פון יונגווייז אָן אין „החלוץ הצעיר" און האָט דורכגעמאכט די גאַנצע שול פון „החלוץ". אין 1935 איז ער ארויס אויף הכשרה אין קיבוץ „באָראָכאָוו" אין לאָדזש. שפּעטער איז ער אוועק קיין קיעלץ, געארבעט אַ צייט אין ראיאָן־קאָמיטעט פון „החלוץ".

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה האָט לעשניעווער געארבעט אין דער אומלעגאַלער באַוועגונג אין דייטשלאַנד און רוסלאַנד. ווינטער 1940 איז ער אריבער קיין רומעניע. געשיקט געוואָרן צוריק קיין רוסלאַנד אין שליחות פון דער באַוועגונג. ביים וועלן אריבערגיין די גרענעץ, איז לעשניעווער דערשאָסן געוואָרן דורך דער וואַך. ערע זיין אָנדענקען!

## ישראל אייזענבערג

געבוירן אין 1922 אין פּינסק, אין אַ פּועל־ציוניסטישער משפּחה, איז ח' אייזענבערג פון ייִנגווייז אָן דערצויגן געוואָרן אין „פרייהייט". ער האָט אנטיילגענומען אין לעצטן לאַנד־סעמינאַר פון „פרייהייט החלוץ הצעיר" אין 1939. זומער דעם זעלבן יאָר איז ער ארויס אויף הכשרה אין קיבוץ „באָראָכאָוו" אין קיעלץ.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה איז ח' אייזענבערג אוועק קיין וואָלין, געווען טעטיק אין דער אומלעגאַלער חלוצישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. ווינטער 1940 איז ער אריבער די גרענעץ קיין ליטע. געווען אין קיבוץ „שחריה" אין ווילנע.

אייזענבערג איז אומגעקומען פון אַן אויפרייס פון אַ גראַנאַט, אויף וועלכן ער האָט זיך אָנגעשטויסן, ארבעטנדיק אויפן פעלד.

